פּראָלעטאַריער אַלער לענדער, פאַראייניגט אייך!
דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פּוילען און רוסלאַנד.
XXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXXX

א. טהון.

# די געשיכטע פון די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען אין רוסלאַנד.



צווייטער טייל.

אַרויסגעגעבען פון
אַלגעמ. איד. אַרבייטערבונד.

זשענעוו.
דרוקעריי פון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד (בונד).
יולי 1905 יאָהר.

# די געשיכטע

פֿון די

# רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען אין רוסלאַנד.

(צווייטער טייל).

## VI. דער איבערגאַנג צום טעראָר

(1879-1878).

אין 1878-טען יאָהר האָט די רוסישע בעוועגונג איבערגעלעבט אַ טיעפֿע ענדערונג, וועלכע עס האָט אין דעם קומענדען 79-טען יאָהר צערשפּאָלטען די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אויף צוויי לאַגערן. די סאָציאַליסטישע ציעלען שטעהען שוין מעהר ניט אויף'ן ערשטען פּלאַן, זייער אָרט פֿערנעהמט דער פּאָליטישער קאַמפּף, די פֿריעדליכע מיטלען ווערען פֿערביטען מיט דעם טעראָר און אַנשטאָט דער פֿריהערדיגער שוואַך פֿערבונדענער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז בעשטאַנען פֿון איינצעלנע, כמעט אונאָבהייניגע חברות, גרינדעט זיך איצט אַ צענטראַליסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַ שטרענגער דיסציפּלין און קאָנספּיראַציע. אַזעלכע שטרעבונגען האָט מען שוין פֿריהער געקענט בעמערקען, נאָר נאָך אין דער ערשטער צייט פֿון דער פֿריעדליכער פּראָפּאַגאַנדע, נאָר זיי האָבען אָבער ביז אַהער קיין שום ווירקונג ניט געהאַט אויף דעם לעבען פֿון דער פּאַרטיי; ערשט איצטער האָבען דיזע פּרינציפּען גובר געווען, — אמת די פֿריהערדיגע ריכטונגען האָבען נאָך אַליין זעלבסטשטענדיג עקסיסטירט, אָבער זיי זיינען געווען גאָר שוואַך. אין דער גאַנצער בעוועגונג, זייט 1870-טען יאָהר, קענען מיר, — ניט רעכענענדיג איניגע ניט וויכטיגע זייטיגע שטרעמונגען, — פֿון אָנהויב אָן בעמערקען דריי ריכטונגען, וואָס עקסיסטירען איינע נעבען די אַנדערע; צוערשט האָט די אויבערהאַנד אין דער בעוועגונג געהאַט די אונצענטראַליזירטע פֿריעדליכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, שפּעטער די אונצענטראַליזירטע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע און לסוף דער צענטראַליזירטער פּאָליטישער טעראָר. דיזע לעצטע ריכטונג האָט פֿון אָנפֿאַנג אָן אָנגעהויבען אַרויסצושפּראָצען און אין דער היציגער לופֿט פֿון קאַמפּף איז זי צו פֿריה צייטיג געוואָרען. די רוסישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז איבערהויפּט מיט דער גרעסטער האַסט דורכגעגאַנגען אַלע מדרוגות פֿון איהר ענטוויקלונג. דאָט לעבען גופא האָט זי געטריבען פֿון איין מדרגה צו דער אַנדערער, הגם דער גרעסטער טייל פֿון די רוסישע סאָציאַליסטען האָבען לכתחילה בשום אופן ניט געהאַט די כונה צו געהן מיט דיזען וועג. דער צענטראַליזירטער פּאָליטישער טעראָר איז אויסגעוואַקסען ווי אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פֿון דעם האַרטען קאַמפּף, וואָס האָט זיך געפֿיהרט צווישען דער דעספּאָטישער רעגירונג און דער פֿערצווייפֿעלטער רעוואָלוציאָנערער יוגענד, דעם קאַמפּף, ביי וועלכען ביידע צדדים האָבען זיך פֿאַר קיינע מיטלען ניט געשראָקען.

עס איז פֿאַר קיינעם קיין וואונדער ניט געוועזן, וואָס אין ווינטער

1877-1878 איז די פּאָליטיק אַרויסגעטראָטען אויף'ן ערשטען פּלאַן. די שרעקליכע פֿערדאָרבענהייט פֿון דער ביוראָקראַטיע, וועלכע די טערקישע מלחמה האָט אויפגעדעקט, די אָבהענגיגקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט נאָך די מפּלות ביי פּלעווגע, דער שלעכטער איינדרוק פֿון דעם בערלינער טראַקטאַט אין יולי 1878, — דיזע אַלע אומשטענדען האָבען צווישען אַ גרויסען טייל פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿערברייטערט דעם געדאַנק, אַז די הנהגה פֿון דער מלוכה מוז סוף כל סוף אַוועקגעשטעלט ווערען אונטער דעם קאָנטראָל פֿון דער געזעלשאַפֿט. נעבען דער פּאַטריאָטישער שטרעמונג איז אויך געגאַנגען אַ ליבעראַלע. די ליבעראַלען, ווי אויך די סלאַוויאַנאָפֿילען האָבען אָפֿען געפֿאָדערט אַ קאָנסטיטוציע. נאָר פֿון די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך פֿאַר דיזע שטרעמונג אין יענער צייט נאָר וועניג מענשען אָנגעכאַפּט. זיי זיינען נאָך געווען דורכאויס שטרענגע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען דעם פּאָליטישען קאַמפּף געהאַלטען פֿאַר אַ פּפֿל-זאַך, און האָבען אפילו מורא געהאַט, אַז דיזער קאַמפּף זאָל זיי ניט אָבקעהרען פֿון זייער הויפּט ציעל — דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער רעוואָלוציע. זיי האָבען זיך, ווי מיר האָבען געזאָגט, נאָך אַלץ בעשעפֿטיגט מיט דעמאָנסטראַציעס און מיט דער גרינדונג פֿון אָרגאַניזאַציעס אין שטאָדט און אין דאָרף; אייניגע זיינען געווען אויף דער מלחמה אין באָלגאַריען, אָדער האָבען זיך געסטאַרעט צו בעפֿרייען פֿון געפֿענגניס זייערע חברים, וואָס זיינען יאָהרען לאַנג געזעסען און געוואַרט אויף זייער משפּט. דערווייל זיינען די רדיפֿות און די אַרעסטען ניט קלענער געוואָרען; פֿערקעהרט די רעגירונג האָט זיך בעגאַנגען מיט נאָך אַ גרעסערער אכזריות; דאָס שפּיאָנען-סיסטעם האָט זיך העכסט ענטוויקעלט; אמת, פֿאַר עדות האָט מען די שפּיאָנען מעהר ניט געשטעלט ביים געריכט, זינט דער יוסטיץ מיניסטער גראַף פּאַהלען האָט אַרויסגעלאָזען אַ געהיימען צירקוליאַר אין מערץ 1876, אין וועלכען ער האָט עס פֿערבאָטען, ערשטענס כדי ניט צו קאָמפּראָמעטירען די שפּיאָנען און צווייטענס כדי ניט אַרויפֿצוּוואַרפֿען אַ חשד אויף די ריכטער. די צאָהל פֿון די שפּיאָנען איז אָבער אויסגעוואַקסען אָהן אַ שיעור. איין שפּיאָן האָט געקענט אַריינברייגען אין געפֿענגניס צעהנדליגער מענשען, ווען איהם האָט זיך נאָר ווי עס איז איינגעגעבען אַריינ'גנב'ענען זיך אין אַ וואָסער ניט איז גרופּע און געוויגען איהר צוטרוי. כדי צו ראַטעווען זיך פֿון סכּנות, זיינען די רעוואָלוציאָנערען געצוואונגען געווען צו הרג'ענען שפּיאָנען. אַזוי האָט שוין דעם 6-טען סעפּטעמבער אין 1876-טען יאָהר לייבע דייטש פֿערוואונדעט אין אָדעס אַ שפּיאָן גאָריגאָוויטש, אַ געוועזענעם פּראָפּאַגאַנדיסט, וועלכער ס'האָט אין 1874 יאָהר אַרויסגעגעבען זיינע חברים און ווען עס האָט זיך נאָך זיין בעפֿרייאונג ווידער איינגעגעבען אַריינ'גנב'ענען זיך אין אַ קיעווער גרופּע. דאָס געזיכט פֿון דעם פֿערוואונדעטען שפּיאָן איז געווען פֿערברענט מיט אָלעם (שוועפֿעל-זויערע) און מען האָט אויף איהם אויפֿגעהאַנגען אַ צעטעל: „דאָס איז דער גורל פֿון אַלע שפּיאָנען". אין סעפּטעמבער 1876 האָט מען אין אָדעס גע'הרג'עט אַ שפּיאָן, טאַווליעוו, אין יולי 1877—פּיזאָגענאָוו אין פּעטערבורג. באַלד האָבען זיך די רעוואָלוציאָנערען גענומען פֿאַר הריגות נאָך צוליעב אַ'ן אַנדער מעכטיגען טעם — צוליעב נקמה.

דעם 24-טען יאַנואַר 1878, אויף'ן צווייטען טאָג נאָך דעם משפּט פֿון די 193, האָט וויערא זאַסוליטש געשאָסען אין דעם פּעטערבורגער אָבערפּאָליצמייסטער, גענעראַל טרעפּאָוו. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל צו אַ נייעם שטורם. געקומען איז זי צו איהם כלומרשט מיט אַ בקשה;

זי דערלאַנגט דאָס פּאַפּיער, שיסט אויס פֿון אַ רעוואָלווער און פֿער-
וואונדעט איהם שווער. אַ וואָרף טהוענדיג דעם רעוואָלווער אָן דר׳ערד,
לאָזט זי זיך רוהיג אַרעסטירען. געשאָסען האָט זי, ווי זי האָט ערקלערט,
דערפֿאַר, וואָס מען האָט זיך אונמענשליך בעגאַנגען אין געפענגנים מיט
דעם סטודענט באָגאָליובאָוו, וועלכער ס׳איז איהר פּערזענליך געווען
אונבעקאַנט. דעם 13-טען יולי 1877, איז טרעפאָוו געקומען אין פּע-
טערבורגער געפענגנים, האָס זיך אַרויפגעוואָרפען מיט זידלערייען אויף
דעם פּאָליטישען פֿערברעכער באָגאָליובאָוו, און האָט איהם געהייסען
אַוועקפיהרען אין קאַרצער און שמייסען. נאָך דעם האָט זיך אויפגעהוי-
בען אַ גרויסער טומעל און ליאַרעם: פּיעל אַרעסטאַנטען האָט מען מיט
געוואַלד געכאַפּט, געשלאָגען און פערזעצט אין קאַרצער, אַנדערע פֿון
זיי האָט מען אַריינגעוואָרפען אין אַזעלכע לעכער, פֿון וואַנען מען האָט
קיין מאָל ניט אַרויסגעטראָגען די עקסקרעמענטען און וואו די טעמפּע-
ראַטור איז דערגאַנגען ביז 30 גראַד היטץ. די ידיעה וועגען דיזע
פֿאַקטען האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אפילו אין די רוסישע צייטונגען.
אמת, מען האָט וועגען דעם געשריבען מיט האַלבע ווערטער; די
זשענעווער פּרעסע אָבער האָט אָפען געשריען וועגען נקמה. טרעפאָוו
אין זיינער אַ געהיימער שרייפט האָט מודה געווען, אַז ער האָט געהיי-
סען שמייסען באָגאָליובאָוו׳ן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער עזות-פּנים
און האָט געטהאָן צו להכעיס, און אגב, זאָגט ער, איז דאָס שמייסען
גאָר ניט פֿערבאָטען דורך דאָס געזעץ, ווייל דער משפּט פֿון באָגאָ-
ליובאָוו׳ן איז שוין אַרויס און אַ חוץ דעם שטאַמט ער ניט פֿון אַדעל
און איז אַ זוהן פֿון אַ פּשוט׳ען תהלים-זאָגער אין קלויסטער. צו גלייכער
צייט האָט טרעפאָוו אויך מודה געווען, אַז די פּאָליציי טהוט, וואָס זי
וויל, די יוסטיץ קען גילטען אויף אַזוי פּיעל, אויף ווי פּיעל דאָס פּאַסט
צו די פֿערלאַנגען און דעם וואונש פֿון דער אַדמיניסטראַציע; פּאַסט
עס ניט — ווערען די פּסקים פֿון יוסטיץ אויף אַ געוויסען אופן אומגע-
ענדערט, די אונאַבהענגיגקייט פֿון דער יוסטיץ, וועלכע מען האָט מכריז
ומודיע געווען מיט אַזאַ פּאַראַד, איז געווען ניט מעהר ווי אַ הוילע
קאָמעדיע, און ווען מען האָט, למשל, געפֿאָדערט, נאָך דער געשיכטע
מיט באָגאָליובאָוו׳ן, אַז מען זאָל משפּט׳ן דערפֿאַר די אַדמיניסטראַציע
פֿון געפֿענגנים, האָט מען דערינען אָבגעזאָגט.

דעם 1-טען אַפּריל 1878 האָט זיך אָנגעהויבען דער פּראָצעס
פֿון וו. זאַסוליטש, מען האָט איהר איבערגעגעבען צו אַ געריכט פֿון
געשוואָרענע, ווייל גראַף פּאַהלען האָט פּערזענליך ערוב געווען דעם
קיסר, אַז די געשוואָרענע וועלען משפּט׳ען אַזוי, ווי דאָס פּאַסט פֿאַר
דער רעגירונג. נאָר די עפֿענטליכע מיינונג איז געווען אויף אַזוי פּיעל
אויף׳ן צד פֿון זאַסוליטש, אַז אַליין דער פּראָקוראָר האָט ניט געקענט
ביישטעהן און האָט אָנגעהויבען זיין רעדע מיט דעם, וואָס ער האָט
זיך ענטשולדיגט, פֿאַר וואָס דער גענעראַל טרעפאָוו „שטעהט ניט פֿאַר׳ן
משפּט" און, אַז „ער גלויבט אין גאַנצען" אין די ריכטיגקייט פֿון די
מאָטיווען, מיט וועלכע די יונגע זאַסוליטש האָט ערקלערט איהר אָנפֿאַל
אויף טרעפאָוו׳ן. דער פֿערטיידיגער אַלעקסנדראָוו האָט אָנגערופֿען די
רעדע פֿון פּראָקוראָר „איידעל און געמעסיגט" און אין זיין גלענצענדער
פֿערטייריגונגס רעדע האָט ער געפֿאָדערט פֿאַר זאַסוליטש אַ שוואַכערען
שטראָף. זעכצעהן יאָהר אַלט, האָט זעזאָגט דער אַדוואָקאַט, איז זאַסו-
ליטש בעקאַנט געוואָרען מיט נעטשייעוו׳ן, וועלכער ס׳איז נאָך דעמאָלט
קיין רעוואָלוציאָנער ניט געווען, און זי האָט איהם ערלויבט צו בעקו-
מען בריף אויף איהר אַדרעס. פֿאַר דעם חטא איז זי צוויי יאָהר אָב-
געזעסען אין געפֿענגנים ביז׳ן משפּט, דערנאָך האָט מען איהר בעפֿרייט.

נאָר אָבער אויף'ן אַדמיניסטראַטיווען וועג האָט מען איהר דאַן פֿער-שיקט אין קרעסטצי, פֿון דאָרטען אין טווער, דערנאָך אין סאָליגאַליטש, אין כאַרקאָוו; צייטענווייז פֿלעגט מען איהר ווידער פֿערשפּאַרען אין געפֿענגניס אָבער קיינמאָל האָט מען איהר ניט געשטעלט פֿאַר'ן געריכט. פֿון כאַרקאָוו איז זי אוועק אין פּעטערבורג, וואו קיינער האָט נאָך ז ניט בעמערקט און דאָ האָט זי דערהערט וועגען דער געשיכטע מיט באָ-גאָליובאָווען און, ניט קענענדיג פּערזענליך ניט איהם און ניט טרעפּאָוו'ן, איז ביי איהר געבליבען צו נעהמען נקמה פֿאַר דעם שרעקליכען בע-געהן זיך מיט די אַרעסטירטע, פֿון וועלכען זי האָט ניט וועניג אַליין געליטען. געגען דיזע בעשרייבונג פֿון זאַסוליטש'ס לעבען האָט טרעפּאָוו גאָרנישט געקענט ענטפֿערען. ער האָט נאָר גע'טענה'עט, אַז צו 16 יאָהר האָט זי שוין געהאַט רעוואָלוציאָנערע עסקים מיט נעטשייעוו'ן, איז געווען אַ ניהיליסטין און אַ פֿאַלשער מענש, האָט געשאָרען די האָר און געטראָגען אַ רימענעם פּאַס, דאָס זי האָט געדיענט פֿאַר אַ שרייבערין אין סערפּוכאָוו און איהר שוועסטער האָט אפילו חתונה געהאַט פֿאַר אַ געוויסען ניהיליסט, וועלכען מען האָט פֿערשיקט — אַלץ אַזעלכע פֿאַקטען, וועלכע עס ענטשולדיגען, פֿערשטעהט זיך, אפילו אויף אַ האָר ניט דאָס בעגעהען זיך מיט אַ 16-יאָהריגער מיידעל. ווען מען האָט דאַן פֿאַר די געשוואָרענע געשטעלט די פֿראַגע, צו איז שולדיג ווערא זאַסוליטש אין דעם, וואָס זי האָט געשאָסען אין טרע-פּאָוו'ן, האָט מען בעקומען גאָר אַ אונגעריכטען ענטפֿער; די געשוואָ-רענע האָבען אויף דיזע פֿראַגע געענטפֿערט מיט ניין און די אָנגע-קלאָגטע האָט מען דעריבער בעפֿרייט. די שמחה איז געווען גרויס. מען זאָגט, אַז אפילו די בעאַמטע פֿון יוסטיץ-מיניסטעריום און אַנדערע גרויסע לייט האָבען אַפּלאָדירט, אויסהערענדיג דעם משפּט. אויף דעם בעפֿעהל פֿון דעם פּרעזידענט איז זאַסוליטש בעפֿרייט געוואָרען, נאָר אויף דער צווייטער גאַס האָבען זשאַנדאַרמען אָבגעשטעלט איהר קאַ-רעטע. דער עולם, וואָס איז געווען אויף'ן גאַס, האָט אָבער ניט גע-וועלט אַוועקגעבען איהר ווידער אין די הענד פֿון פּאָליציי, נאָכדעם ווי דער משפּט האָט איהר נאָר וואָס בעפֿרייט. ס'איז געוואָרען אַ גרויסער געשלעג, זאַסוליטש איז בעת מעשה אַנטלאָפֿען און דערנאָך האָט זיך איהר איינגעגעבען אָבפֿופֿאָהרען אין זייער שווייץ.

דער הויף און די העכערע בעאַמטע זיינען געווען אויסער זיך פֿון דעם משפּט. גראַף פּאַהלען האָט מען גלייך אָבגעזאָגט און דער נייער מיניסטער נאַבאָקאָוו האָט זיך גענומען „רייניגען" אין דעם משך פֿון 1878 דאָס יוסטיץ-מיניסטעריום. טרעפּאָוו איז אין זיין געהיימער שריפֿט מיט אַזא היציגקייט, וועלכע מען האָט קוים געקענט טרעפֿען אין דער אָפּאָזיציאָנער פּרעסע, אָנגעפֿאַלען אויף די דינים און אויף די פּראָקו-ראָרען און דערמיט גופא האָט ער אויף'ן בעסטען אופן בעוויזען, ווי ווייט ער האָט געדאַרפֿט דערעסען דער יוסטיץ מיט זיין פּאָליצייליכען, און ווילקירליכען אַריינמישען זיך אין איהר אַרבייט.

גאָר אַ'ן אַנדער איינדרוק האָט דער פּראָצעס געמאַכט אויף דער עפּענטליכער מיינונג. אַלע האָבען סימפּאַטיזירט דער יונגער פֿריילען. איהר גורל האָט קלאָר בעוויזען, ווי ווייט די רעגירונג צורייצט די יו-גענד דורך איהרע ווילקירליכע רדיפות; די אויפֿפֿיהרונג פֿון די „ניהי-ליסטען" האָט מען אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן. זיי זיינען נאָך העכער געוואָרען אין אַלעמענס אויגען, ווען מען האָט דערגאַנגען, אַז זאַסו-ליטש האָט קיין אייגענע פּניה דערביי ניט געהאַט, אַז זי האָט גענומען נקמה פֿאַר אַ'ן אונבעקאַנטען מענשען; אויך האָט זי געטאָהן איהר זאַך ניט ווי אַ שליח פֿון אַ וועלכער ניט איז פּאַרטיי, נאָר פֿון איהר

אייגענעם ווילען איז זי געגאַנגען נוקם זיין פאַר אַ ווילקירליכער בעליידיגונג, וועלכע עס וואָלט אָהן איהר, ביי די פערדאָרבענהייט פון די רוסישע אָרדנונגען, ניט בעשטראָפט ווערען. דער שאָס פון וו. זאַסוליטש, וועלכער עס האָט זיך געטראָפען אין אַ אויפגערעגטער צייט, ווען דאָס פובליקום איז אַזוי אויך געווען ביז צום העכסטען גראַד אָנגעשטויסען אויף דער רעגירונג, האָט געפונען אַזאַ ברייטען אָבקלאַנג אין דער געזעלשאַפט און ער האָט געהאַט אַזאַ גרויסען ערפאָלג דערפאַר, ווייל אין איהם האָט מען דערזעהן אַ פראָטעסט פון מענשענווירדע געגען אכזריות אין אונטערדריקונגען. „ניט וויערא זאַסוליטש האָט מען גע'משפט,—זאָגט טרעפּאָוו אין זיין שריפט, נאָר מיך,—דעם גענעראַל טרעפּאָוו"; יע, מען קען מוסיף זיין, ניט איהם אַלס פריוואַטמענש, נאָר איהם אַלס די פערקערפערונג פון דעם אַדמיניסטראַטיווען ווילקיר, פון וועלכען גאַנץ רוסלאַנד האָט געליטען. דער שאָס האָט געציעלט אין דער פּאָליטישער אָרדנונג פון רוסלאַנד—אַזוי האָט עס פערשטאַנען די געזעלשאַפט און די פּרעסע. דערמיט ערקלערט זיך די פרייד, מיט וועלכער די פּרעסע האָט גערעדט וועגען דער בעפרייאונג פון וו. זאַסוליטש, ביז די צענזור האָט פערבאָטען צו שרייבען וואָס עס איז וועגען דיזען פראָצעס.

אויף די רעוואָלוציאָנערען האָט דער פּראָצעס געמאכט דעם טיעפסטען רושם. פאַר זיי איז וו. זאַסוליטש געווען אַ העלדין. די שבחים, וועלכע וו. זאַסוליטש האָט אַרויסגערופען, האָבען געבראַכט דערצו, אַז אַ סך „איינגעליבענעס" געגען הריגות, אַ סך ספיקות וועגען דיזען קאַמפף'ס מיטעל זיינען פערשוואונדען געוואָרען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע רייהע פערברעכענס. אָבער אַלע הריגות, וואָס זיינען נאָך דעם פאָרגעקומען, קען מען נאָך ניט רעכענען פאַר אַ סיסטעמאַטישען טעראָר; גע'הרג'עט האָט מען נאָר אָדער כדי צו פערהיטען זיך אָדער כדי צו נעהמען נקמה, און דיזע הריגות זיינען נאָר די פאָרלייפער פון דעם פּאָליטישען טעראָר. קודם כל האָט מען געדאַרפט „פטור ווערען" פון עטליכע שפּיאָנען, כדי צו פערהיטען זיך פון זייער מסירה, אַזוי האָט מען דעם ערשטען פעברואַר 1878 אין ראָסטאָוו אויף'ן דאָן גע'הרג'עט דעם שפּיאָן ניקאָנאָוו, אין אָדעס — פעטיסאָוו, אין מאָסקווע — ראָזענצווייג אַ. שפּעטער, רייגשטיין, דורך וועלכען עס זיינען אומגעקומען אַ סך רעוואָלוציאָנערען. אייניגע שפּיאָנען, ווי, למשל, דער מסור זעמבראַנדסקי, האָבען געטראָגען פאַנציריען, פון וועלכע די קיילען פלעגען אָבשפּרינגען. דער רעוואָלוציאָנער פּאָליקאַרפּאָוו, וואָס האָט איהם געוואָלט דערשיסען, האָט זיך אַליין דערשאָסען, (24-טען מערץ 1879). צווייטע נקמה איז מען דעם 25-טען פעברואַר 1878 אָנגעפאַלען אין קיעוו אויף'ן געהילף פון פּראָקוראָר, קאָטליאַרעווסקי (צו טויטען איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען); די רעוואָלוציאָנערען האָבען איהם בעשולדיגט, אַז צוליעב זיין אייגענער פניה, כדי אויסצודינגען זיך, מאַכט ער אַ וועזען פון יעדער קלייניגקייט, זוכט אויס חטאים אויף אונשולדיגע מענשען, און בעפרייט קיינמאָל ניט די אַרעסטירטע אפילו אויף ערבות. מען האָט אויך געזאָגט, אַז ער האָט געהייסען די זשאַנדאַרמען אייסטהאָן נאַקעט אַרעסטירטע צוויי מיידלעך און אַז ער שרעקט די אַרעסטירטע מיט טויט שטראָף, כדי צו דערגעהן פון זיי וואָס עס איז. נאָך איהם האָט מען דערשטאָכען מיט אַ קינזשאַל אויף'ן גאַס דעם קיעווער שעף פון די זשאַנדאַרמען, דעם באַראָן הייקינג, וועגען זיין שולד האָבען גופא די רעוואָלוציאָנערען געהאַט פערשיעדענע מיינונגען. אייגענטליך גערעדט האָט מען איהם גע'הרג'עט נאָר דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ זשאַנדאַרם, באָטש אין בעזונדערע אכזריות האָט מען איהם ניט געקענט בעשולדיגען.

פֿאַר דעם אָנפֿאַל אויף קאָטליאַרעווסקי׳ן האָט מען אין קיעוו אַרעסטירט אַ סטודענט. זיינע חברים האָבען מיט גרויס רעש אָנגעהויבען צו פֿאָדערן, דאָס מען זאָל איהם אַרויסלאָזען אויף ערבות, דערפֿאַר האָט מען ביז 150 סטודענטען אַרויסגעיאָגט פֿון אוניווערזיטעט און 30 פֿערשיקט אין די ווייטע גובערניעס פֿון צפֿון. ווען זיי זיינען אָבגעפֿאָהרען פֿון קיעוו און אויך ביי זייער דורכפֿאָהרען אין כאַרקאָוו און אין מאָסקווע האָבען די סטודענטען געמאַכט פֿאַר זיי אַוואַציעס; אין מאָסקווע איז עס דערביי דערגאַנגען צו אַ גרויסען געשלעג צווישען די סטודענטען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, צווישען אַלע, וואָס זיינען געווען אויראָפּייאיש געקליידעט, און די פֿריווילליגע פּערדהיטער און גוטע פֿריינד פֿון טהראָן. פֿון די ערשטע זיינען עטליכע מענשען דערביי אויף טויט גע׳הרג׳עט געוואָרען. איבערהויפּט זיינען אין אָנפֿאַנג פֿון 1878 אין דרום-רוסלאַנד פֿאָרגעקומען אַ סך אַלערליי דעמאָנסטראַציעס. אין אָדעס, למשל, האָבען זיך קאָוואַלסקי (אַ אויסגעצייכענטער קענער פֿון די סעקטען), וויטאַשעווסקי און זייערע חברים געשטעלט מיט וואַפֿען אין האַנד געגען די זשאַנדאַרמען, וואָס זיינען צו זיי געקומען ביי נאַכט; זיי האָבען אַזוי לאַנג געשאָסען, ביז מען האָט פֿערבּרענט די פּאַפּירען און אַרויסגעוואָרפֿען פֿון פֿענסטער דעם שריפֿט. אין אָדעס און אין כאַרקאָוו האָט מען זיך געפּרואווט מיט וואַפֿען אין די הענד צו בעפֿרייען די אַרעסטירטע (פֿאָמין און וואָינאָראַלסקי), בעת מען האָט זיי אַריבערגעפֿיהרט פֿון איין אָרט אין דעם אַנדערן. דעם 24-טען יולי, בעת מען האָט פֿער׳משפּט צום טויט קאָוואַלסקי׳ן זיינען אין אָדעס פֿאָרגעקומען גאַסען-אומרוהען, מען האָט אפילו געשאָסען.

די אויפֿרעגונג צווישען די רעוואָלוציאָנערען האָט זיך אויך אָבגעשפּיגעלט אין זייער ליטעראַטור, אין וועלכער עס האָט זיך צו דיזער צייט אָנגעהויבען אַ סך אַ לעבעדיגערע אַרבייט. אין 1877 יאַהר איז אַרויס דער לעצטער באַנד „ווּפּעריאָד“, וועלכער ס׳האָט גאָר קיין אָבקלאַנג ניט געפֿונען, און עס איז לייכט צו פֿערשטעהן, אַז אין אַ צייט פֿון דער גרעסטער אויפֿרעגונג, פֿון אַ ברענענדער לוסט צו אַ רעוואָלוציאָנערער טהעטיגקייט איז גאָר אומזיסט די עצה צו נעהמען זיך פֿאַר אַ שטילער, ספּעציעלער און ניט אַ קענטיגער אַרבייט, און אומזיסט די פֿאָדערונג, אַז יענע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט ווי געהעריג איז צוגעגרייט צו דער פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליזמוס, זאָלען זיך אָבזאָגען פֿון זייער אַרבייט. דעריבער האָט דעם גרעסטען אָרט אין דער פּעריאָדישער פּרעסע פֿערנומען די זשענעווער גרופּע אַנאַרכיסטען, וועלכע עס האָט אין 1876 75-טע יאָהרען אַרויסגעגעבען דעם „ראָבאַטניק“ און פֿון יאַנואַר ביז דעצעמבער 1878 אַרויסגעלאָזען 9 נומערן „אָבשצינאַ“; אין איהרע אַרטיקלען געפֿינען מיר אַ׳ן אויסגעצייכענטען מאַטעריאַל אויף צו בעקענען זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. דאָס פּראָגראַם פֿון דיזען אָרגאַן האָט מען מיט אַ בכיון צוגעגעבען אַ ברייטערען כאַראַקטער, כדי מען זאָל קענען ציעהען אַ גרעסערע צאָהל בעדייטענדע מיטאַרבייטער. דאָס פּראָגראַם האָט אַרויסגעשטעלט פֿאַר נויטיג מרידות און דעמאָנסטראַציעס, האָט זיך אָבער אויך ניט אָבגעזאָגט פֿון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע און האָט זיך גערעכענט מיט די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, צ. ב., פֿון די קליינרוסען. איבערהויפּט איז דער זשורנאַר געווען אָפֿען פֿאַר יעדערען. ווער עס איז געווען מיט אַ אמת׳ען האַרצען איבערגעגעבען דער בעפֿרייאונג פֿון די אַרבייטער און האָט געקענט וויאַס עס איז איפֿטוהון פֿאַר דיזער בעפֿרייאונג. אין דעם זשורנאַל האָבען געאַרבּייט מענשען מיט די פֿערשיעדענסטע אָנזיכטען, דער קליינרוס — דראַגאָמאַנאָוו, דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַטאָר

סטעפּאַנאָוויטש, אַ סאָציאַליסט אויף'ן מערב-אייראָפּייאישען שטייגער —אַקסעלראָד און נאָך אַ סך אַנדערע. ווי אויסגעצייכענט דיזער זשור-נאַל איז ניט געוועזען מיט זיינע ליטעראַרישע מעלות — און אין דעם פּרט איז ער אפשר געוועזען דער בעסטער אין דער רוסישער רעוואָלוצי-אָנערער פּרעסע — נאָר פאַר אַ פּאַרטיי-אָרגאַן קען מען איהם דאָך ניט רעכענען. און אַזוי ווי אין דעם לעצטען נומער איז עס דערגאַנגען צו אַ העפטיגען וכוח צווישען דעם פּראָפעסאָר דראַגאָמאַנאָוו און יאַקאָב סטעפּאַנאָוויטש: דראַגאָמאַנאָוו האָט געהאַלטען, אַז קודם כל איז נויטיג אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע, סטעפּאַנאָוויטש האָט געפאָדערט אַ סאָציאַלע, איז דיזע ליטעראַרישע אונטערנעהמונג ליידער געפאַלען אין דעם ערשטען יאָהר פון איהר קיום. נאָך פריהער, פאַר דער „אָב-שצינאַ", האָט פון דעם 9-טען מאַי 1877, אין זשענעוו, אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן אַ צייטונג „אָבשצעע דיעלאָ" („די אַלגעמיינע זאַך"); זי פלעגט אַרויס פּינקטליך אַלע חודש. דיזע צייטונג האָט געוואָלט ווערען דער אָרגאַן פון די קאָנסטיטוציאָנעלע און פּאָליטישע שטרעבונ-גען אין רוסלאַנד. איהר רעדאַקטאָר איז געוועזען כריסטאָפאָראָוו און צ איהרע מיטאַרבייטער האָבען געהערט אַליסאָוו און זאַיצעוו, וואָס איז געשטאָרבען אין 1882 יאָהר, אַ שרייבער מיט זעהר אַ גרויסען טאַלאַנט אַ געוועזענער מיטאַרבייטער פון פּיסאַרעוו אין „רוסקאָיע סלאָוואָ". פונ-דעסטוועגען האָט דאָך דיזע צייטונג קיין שום איינפלוס ניט געהאַט אויף דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג.

פון 1876 יאָהר איז איבערהויפּט געפאַלען דער איינפלוס פון דער עמיגראַנטען-ליטעראַטור. די סיבה דערפון איז לייכט צו פערשטעהן: כל זמן די בעוועגונג האָט געטראָגען מעהר אַ טעאָרעטישען און אַ ריין סאָציאַליסטישען כאַראַקטער, כל זמן זי האָט ניט געפאָדערט קיין גיבען ענטפער אויף די אָדער יענע פראַגען פון דער פּראַקטישער אַר-בייט, האָט די אויסלענדישע ליטעראַטור געקענט אָבשפּיגלען אין זיך די בעוועגונג פון רוסלאַנד און צו גלייכער צייט טעאָרעטיש בעגרינדען איהרע ציעלען. איצטער אָבער, ווען עס האָט אָנגעהויבען אויסצוברע-כען אַ'ן אָפענע מלחמה צווישען דער רעגירונג און די רעוואָלוציאָנערען, ווען יעדער טאָג פלעגט ברענגען ידיעות וועגען נייע קאַמפען און הריגות, איז נויטיג געוואָרען, אַז די ניי-אויפגעקומענע געדאַנקען און די שטימונגען, וואָס פלעגען זיך אָפט בייטען, זאָלען קענען געפינען אַ גיכערען און אַ גלייכערען וועג צו דער פּרעסע. און פון 1878 יאָהר קומט אויף אין רוסלאַנד אַ'ן אייגענע פּרעסע, לגבי וועלכע די זשענע-ווער פּרעסע, דער „נאַבאַט", וואָס האָבען נאָך ניט אויפגעהערט אַרויס-צוגעהן, האָט כמעט קיין שום בעדייטונג ניט געהאַט. קודם כל זיינען אין פּעטערבורג אַרויס אַ גאַנצע רייהע פלוגבלעטער; איין פלוגבלאַט, וואָס מען האָט פערשפּרייט אין אַפּריל 1878 האָט, צ. ב., געפאָדערט אַ קאָנסטיטוציע, אַ פאָלקספערטרעטונג; די געזעלשאַפטליכע ענינים דאַרפען איבערגעהן אין די הענד פון דער געזעלשאַפט; ווען דאָס וועט ניט געשעהען אויף אַ געזעצליכען אופן, וועט אין לאַנד געגרינדעט ווערען אַ געהיימער קאָמיטעט צו פערהיטען די געזעלשאַפטליכע זיכער-היט. ווייטער, זיינען אַרויס פּראָקלאַמאַציעס אים נאָמען פון דער רוסי-שער און דער מאָסקווער שטודירענדער יוגענד, וועלכע עס האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם בעגעהען זיך פון דער רעגירונג מיט די אַרעסטירטע און האָבען ערקלערט זייער סימפּאַטיע צו די סאָציאַליסטען; אויסערדעם זיינען אַרויס פלוגבלעטער, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשמועלט פאַר אָרגאַנען פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין דיזע בלעטלעך זעהט מען דייטליך ווי אונאָרגאַניזירט די רעוואָלוציאָנערען

זיינען דאַן געווען. יעדע גרופּע שטעלט זיך אַרויס פֿאַר דער פֿערטרעטערין פֿון דער פּאַרטיי. ענדליך זיינען פֿון מערץ ביז מאַי 1878 אַרויס דריי נומערן פֿון אַ׳ן עכטער צייטונג, וואָס האָט געהייסען „נאַטשאַלאָ“. דיזע יונגע און קורצדויערנדע אונטערנעהמונג האָט געהאַט איהר אייגענע געשיכטע. נאָך אין 1876 יאָהר האָבען זיך אייניגע ליבעראַלע שרייבער אַרויסגערופֿען צו גרינדען אַ צייטונג מיט פּאָליטיש קאָנסטיטוציאָנעלע ציעלען; פֿון דיזען פֿאָרשלאַג האָבען זיך די סאָציאַליסטען דאַן אָבגעזאָגט, ווייל דאָס פּראָגראַם פֿון דיזער צייטונג האָט געזאָלט טראָגען ניט אַ פֿאָלקס-כאַראַקטער, נאָר אַ בורזשואַזען. די זעלבע ליטעראַטאָרען האָבען איצט אין פֿריהלינג 1878 אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען די „נאַטשאַלאָ“,— נאָר זייערע קאָנסטיטוציאָנעלע פֿאָדערונגען האָבען קיין גרויסען אָבקלאַנג ניט געפֿונען. און אַזוי איז די צייטונג אינטערגעגאַנגען, ניט קוקענדיג וואָס די פּאָליציי האָט איהר ניט ענטדעקט.

דאָס רוב „נאַראָדניקעס“, בעזאָנדערס די פּעטערבורגער טראָגלאָדיטען, זיינען נאָך געשטאַנען אין גאַנצען אויף זייער פֿריהערדיגען שטאַנדפּונקט. ווען אין אַפּריל און מאַי 1878 איז פֿאָרגעקומען זייער געוועהנליכע יעהרליכע אסיפה, אויף וועלכער זיי פֿלעגען בעקלערען זייער פּראָגראַם, איז יענער טייל פֿון פּראָגראַם, וועלכער עס רעדט מכוח די ציעלען פֿון דער בעוועגונג במעט גאָר אינפֿערענדערט געבליבען, ווי פֿריהער. פֿערקעהרט, בנוגע צו דער אָרגאַניזאַציע האָט אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו געפֿאָדערט ראַדיקאַלע אומענדערונגען; ער האָט געהאַלטען, אַז מען דאַרף איינפֿיהרען אַ שטרענגערע צענטראַליזאַציע און די אָרטיגע גרופּען דאַרפֿען זיך געפֿינען אונטער׳ן רשות פֿון דעם צענטר. אין דעם פּראָגראַם, וואָס מיכאַילאָוו האָט פֿאָרגעלעגט, האָט דער עקר אַרויסגערופֿען וכוחים דער פּונקט, וועלכער עס האָט געפֿאָדערט, דאָס יעדער מיטגליעד פֿון דער געזעלשאַפֿט איז מחויב אויסצופֿיהרען די בעשליסען פֿון דער מעהרהייט, אפילו אויך דאַן, ווען זיי זיינען געגען זייערע אייגענע אַנזיכטען. „צו דער געזעלשאַפֿט -- האָט גע׳טענה׳ט מיכאַילאָוו — געהערען דאָך נאָר מענשען, וועלכע זיינען מסכים מיט איהרע הויפּט-פֿאָדערונגען, און אין וועניגער וויכטיגע פּרטים מוז יעדערער נאָכגעבען“. ענדליך האָט מען אויך דיזען פּונקט אָנגענומען, אָבער דאָך מיט דער בעמערקונג, אַז די געזעלשאַפֿט דאַרף זיך אויף וויפֿיעל עס איז מעגליך רעכענען מיט די פּערזענליכע נייגונגען פֿון איהרע מיטגליעדער.

אַזוי איז אין פּעטערבורג ביסלעכווייז פֿאָרגעקומען דער איבערגאַנג צו אַ צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע און אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין דרום-רוסלאַנד (קיעוו, כאַרקאָוו און אָדעס) אויסגעאַרבייט די פּראַקטיק פֿון דעם טעראָר. דער טעראָר איז בעשאַפֿען געוואָרען פֿיעל מעהר אין דרום איידער אין צפון פֿון רוסלאַנד. אין דעם פּרט האָט, ווי עס וויזט אויס, דעם גרעסטען איינפֿלוס געהאַט וואַלעריאַן אָסינסקי, (דער אַפּאָלאָן פֿון דער רעוואָלוציע, ווי סטעפּניאַק רופֿט איהם אָן). אָסינסקי, אַ זוהן פֿון אַ גענעראַל, איז געבאָרען אין 1850 אין ראָסטאָוו אויף׳ן דאָן און האָט בעקומען אַ ערציהונג פֿון אַ וועלטליכען, היינטמאָדישען מענשען. נאָך דעם ווי ער האָט געענדיגט דעם אינזשעניער-אינסטיטוט, האָט ער בעקומען אַ שטעלע פֿון אַ סעקרעטאַר אין דער שטאָדט-פֿערוואַלטונג פֿון ראָסטאָוו. פֿון דאָרטען פֿלעגט ער פֿאָהרען אין פּעטערבורג, וואו מען האָט איהם אַרעסטירט דערפֿאַר, וואָס ער האָט בעזוכט אַ פּאָליטישען פּראָצעס, ניט האָבענדיג דערצו קיין ערלויבניס. נאָך זיין בעפֿרייאונג איז ער אַריין אין דעם בונד פֿון די

טראָגלאָדיטען (1877); אין ווינטער 1878-77 האָט איהם דיזער בונד געשיקט אין קיעוו, מיט'ן צוועק צו בעפרייען סטעפאַנאָוויטש'ן פון גע-פענגניס. קומענדיג אַהין, האָט ער אויפגעהויבען דעם מוטה פון די, דאָרטיגע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען געווען אין גאַנצען דעזאָרגאַ-ניזירט דורך די פיעלע אַרעסטען, וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען. בע-קומענדיג חן אין יעדערענס אויגען, האָט אָססינסקי זעהר גיך צוגעצוי-גען צו זיך די קיעווער יוגענד און האָט אויך פערפיהרט פערבינדונגען מיט אַנדערע שטעדט; אין א גיכער צייט אַרום איז קיין מעהר אָדער וועניגער בעדייטענדע בעוועגונג, קיין טעראָריסטישער פאַקט ניט פאָר-געקומען, וואו זיין האַנד זאָל דערביי ניט זיין. איהם קען מען רעכענען פאַר דעם פראַקטישען בעגרינדער פון דעם טעראָר. אין זיין גרופּע האָט מען צוערשט אָנגעהויבען צו קוקען אויף'ן טעראָר ניט גאָר ווי אויף אַ מיטעל צו נעהמען נקמה, נאָר ווי אויף אַ קאַמפּפס מיטעל; אַזעלכע היציגע קעפּ, ווי למשל, איוויטשעוויטש האָבען ניט געקענט פערשטעהען, פאַר וואָס זאָל מען ניט טעראָריזירען די רעגירונג און צווינגען זי דורכדעם צו געבען דער בעפעלקערונג פּאָליטישע פרייהייט און פּאָליטישע רעכטע. נאָר דער רוב פון די דעמאָלדיגע סאָציאַליסטען האָט ניט געוואָלט וויסען און הערען ניט פון סיסטעמאַטישען טעראָר און ניט פון ריין-פּאָליטישע שטרעבונגען: „קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און פּאָליטיקער" — מיט די ווערטער פלעגט מען זיך זידלען. אויף אַזאַ אופן האָט זיך דער טעראָריזם ענטוויקעלט דער עקר אין דרום רוסלאַנד און האָט זיך פון דאָרטען פערברייטערט איבער גאַנץ רוסלאַנד.

דיזער קאַמפּפס מיטעל איז אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פון די רוסי-שע בעדינגונגען. אין אַלע אַנדערע לענדער ווענדען אָן די סאָציאַ-ליסטען דאָס רוב די זעלבע קאַמפּפס מיטלען, ווי אַלע איבעריגע פּאַרטייען: זיי אָרגאַניזירען זיך אין פעראיינען, מאַכען פערזאַמלונגען, שאַפען פאַר זיך אַ'ן אייגענע פּרעסע און ציעלען זיך צו בעקומען אויף דיזען געזעצליכען וועג אַ'ן איינפלוס אויף דאָס פאָלק. אין רוסלאַנד אָבער לאָזט מען פאַר זיי ניט איבער קיין איינציגען לעגאַלען וועג; אַלע פעראיינען, פערזאַמלונגען און געדרוקטע שריפטען ווערען גערע-כענט פאַר אַ חטא געגען דעם געזעץ. און וואָס שטרענגער עס זיינען געוואָרען די רדיפות און די שטראָפען פון דער רעגירונג, וואָס אָפטער זי האָט פער'משפט אויף מעהרערע יאָהרען קאַטאָרגע פאַר פערשפּריי-טען אַ פּראָקלאַמאַציע, פער'משפט צום טויט פאַר אַ בעוואַפענטען ווידערשטאַנד ביי אַרעסטען, אַלס אַ ביטערערען צאָרן האָט עס ארויס-גערופען ביי די אונטערגעדריקטע. צום טייל, כדי צו נעהמען נקמה, צום טייל, כדי צו פערהיטען זיך פון אַ סכנה הרג'ענען זיי שפּיאָנען, אכזריות'דיגע בעאַמטע, טרעטען אַרויס מיט וואַפען אין האַנד ביי אַרעס-טען און בעפרייען אַרעסטירטע פון געפענגניס. די רדיפות פון דער רעגירונג ווערען דאַן, פערשטעהט זיך, נאָך גרעסער און דאָס ברייננגט ווידער די רעוואָלוציאָנערען צו נאָך שאַרפערע געוואַלד-אַקטען. ביידע צדדים ווערען אַלץ מעהר פערקאָכט אין קאַמפּף. היציגערע נאַטורען פעראייניגען זיך אין חברות מיט'ן צוועק צו נעהמען נקמה, אָדער זיי זיינען מקים אויף אייגענע אחריות זייער אייגענעם פסק-דין פאַר אַזעל-כע מעשים, וועלכע עס וואָלטען ביי דעם אונענדליכען ווילקיר פון דער אַדמיניסטראַציע אונבעשטראָפט געבליבען. פון סאָציאַליזם, יושר און גערעכטיגקייט איז שוין מעהר קיין רייד ניטאָ: עס האָט זיך אָנגע-הויבען אַ ווילדע מלחמה צווישען צוויי בלוטיגע פיינד און ווי דער שטייגער איז ביי אַ מלחמה, האָט מען אַלץ געמאָסטען מיט איין מאָס — ווי ווייט עס פיהרט צום ציעל. אין דער צייט, ווענען וועלכער מיר

ריידען איצטער, האָט זיך נאָך דער קאַמפף געפיהרט דורך אונאָרגאַני-
זירטע גרופּען פון די דרום-רוסישע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען
געהאַט דאָס רוב אַנאַרכיסטישע אַנזיכטען, דורך גרופען, וועלכע עס
איז שווער געווען צו דיסציפּלינירען און דעריבער האָט דער קאַמפף
געהאַט אַ קליינעם ערפאָלג.

דערוויילע איז פאָרגעקומען אַ וויכטיגע פּאַסירונג. די פּאָליטי-
שע אַרעסטירטע אין פּעטערבורג, די, וואָס זיינען געזעסען נאָך פאַר'ן
משפט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, און די פער'משפט'ע, וואָס
האָבען זיך געפונען אין כאַרקאָוו אין צענטראַל-געפענגניס, האָבען בע-
שלאָסען צו דערשלאָגען זיך צו בעסערע לעבענס-בעדינגונגען דורך אַ
„הונגער-בונט", דאָס הייסט, דורך דעם, וואָס זיי וועלען זיך אָבזאָגען
אַ לאַנגע צייט פון עסען. אין כאַרקאָוו האָבען זיי, למשל, פערלאַנגט,
דאָס מען זאָל זיך מיט זיי בעגעהן, כאָטש ניט ערגער, איידער מיט די
קרימינאַל פערברעכער. אייניגע האָט מען דורך פערשיעדענע הבטחות
איינגעשמועסט אויפהערען צו הונגערן; אַנדערע האָט מען מיט געוואַלד
נאָך דעם בעפעהל פון דעם כאַרקאָווער גובערנאַטאָר, פירסט קראַ-
פּאָטקין, איינגעגעבען שפּייז אין קערפּער דורך איינשפּריצונגען; אַ סך
אָבער, וועלכע עס האָבען נאָך געהאַט כוח, האָבען ניט דערלאָזען
דערצו און זיינען געשטאָרבען. די ידיעה וועגען דעם האָט זיך פער-
ברייטערט צווישען די רעוואָלוציאָנערען. פאַר דער לייכט-אויפפלאַמענ-
דער פאַנטאַזיע פון דער יוגענד זיינען געשטאַנען די בלייכע פנים'ער
פון זייערע ליידענדע חברים און איהר ערשטער געדאַנק איז געווען—
נקמה! אין פּעטערבורג איז דער אויפטהוער פון דיזע אַלע צרות גע-
ווען דער שעף פון דער דריטער אָבטיילונג, דער גענעראַל מעזענצעוו;
אין דעם 4-טען אויגוסט 1878 האָט מען איהם אין מיטען העלען טאָג,
אויף אַ גאַס, וואָס עס האָט געקאָכט מיט מענשען, דערשטאָכען אויף
טויט. ווער עס האָט איהם גע'הרג'עט, האָט מען ניט געקענט דער-
געהן.* באַלד נאָכדעם איז אַרויס אַ בראָשיורע „טויט פאַר טויט",
וועלכע עס ערקלערט דיזע הריגה; דער מחבר האָט אויך, אַזוי ווי אָס-
סינסקי, ערקלערט די פּאָליטישע הריגה פאַר אַ צוועקמעסיגען און יושר'-
דיגען קאַמפפס מיטעל געגען דער רעגירונג, פאַר אַ מיטעל, וועלכען מען
מוז אָנווענדען, כל זמן זי וועט זיך אַזוי האַרטנעקיג האַלטען ביי איהר
ביז איצטיגען סיסטעם. אין אַלע איבעריגע פּרטים שטעהט דער מחבר
אויף'ן יסוד פון סאָציאַליזם. אין רוסלאַנד קומט פאָר, נאָך זיין מיינונג,
אַ קאַמפף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל, צווישען פּראָלעטאַריאַט און
בורזשואַזיע און ער מאַכט דער רעגירונג דעם נאַאיווען פאָרשלאַג —
אָבטרעטען אָן אַ זייט און ניט שטערען דיזען קאַמפף. קודם כל
שטעלט ער דער רעגירונג אַזעלכע פאָדערונגען: מאַכען אַ סוף צו די
פּאָליטישע רדיפות, בעזייטיגען דעם אַדמיניסטראַטיווען ווילקיר, פּאָלי-
טישע פּראָצעסען זאָלען משפט'ן געשוואָרענע און פון די ביז איצטיגע
פּאָליטישע פערברעכער זאָל אַראָבגענומען ווערען יעדער שטראָף.

די רעגירונג האָט אָבער גאָר ניט געקלערט צו ווערען באַרעמ-
הערציגער; זי האָט נאָך, פערקעהרט, גענומען זיך פאַר נאָך שטרענ-

---

* שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַדריאַן מיכאַילאָוו איז
געווען דער קוטשער פון דער קאַרעטע, אויף וועלכער עס איז אַנטלאָ-
פען דער מערדער. גע'הרג'עט האָט מעזענצעווען קראַווטשינסקי (סטעפּ-
ניאַק), וועלכער איז געשטאָרבען אין לאָנדאָן אין 1895. ער איז עס
דער מחבר פון דער בראָשיורע, וועגען וועלכער עס רעדט זיך אין
טעקסט: „טויט פאַר טויט". דער איבערזעצער.

גערע מיטלען, שוין אין פֿריהלינג 1878 האָט מען איינגעפֿיהרט אין גאַנץ רוסלאַנד אַ נײַע אַרט פּאָליציי אין די דערפֿער, וועלכער מען האָט געגעבען אין האַנד די גרעסטע שליטה איבער דער בעפעלקערונג. דעם 9 מאַי האָט מען אַרויסגעלאָזען אַ בעפֿעהל, נאָך וועלכען אַלע פֿערברעכענס געגען רעגירונגס בעאַמטע דאַרפֿען גע'משפּט ווערען ניט דורך געשוואָרענע, ווי ביז אַהער, נאָר אין ספּעציעלע געריכטס פּאַלאַטען אָדער אין אַ בעזונדערער קאָמיסיע פֿון סענאַט, אָדער אין דעם אָבערען קרימינאַלגעריכט, כדי צו בעוואָרענען זיך, אַז אויף להבא זאָל דער פּסק-דין זיין אַזאַ, ווי די רעגירונג פֿערלאַנגט. נאָך דער ערמאָרדונג פֿון מעזענצעוו האָט מען, לויט דעם בעפעהל פֿון 9-טען אויגוסט, אַלע פּאָליטישע פֿערברעכען, ביי וועלכע עס וועלען פֿאָרקומען הריגות, געשלעגען אָדער אַנדערע געוואַלד-אַקטען געדאַרפֿט משפּט'ען אין מיליטער געריכט. אַ חוץ דעם האָט זיך דער צאַר דעם 20 אויגוסט געווענדט צו דער „געזעלשאַפֿט“ מיט אַ בקשה צו העלפֿען איהם אין קאַמפּף געגען די רעוואָלוציאָנערע באַנדען, געגען דער „קראַמאָלע“. דער צאַר האָט מבטיח געווען, אַז די רעגירונג וועט אויך אויף להבא האַרט און שטרענג קעמפּפען געגען די מלוכה-פֿערברעכער; זי מוז אָבער צוליעב דעם אויך אין פֿאָלק האָבען אַ שטיצע און דעריבער געפֿינט ער פֿאַר נויטיג צו ווענדען זיך צו אַלע קלאַסען פֿון דער בעפֿעלקערונג, בעטענדיג זיי צו העלפֿען דער רעגירונג. מיט די זעלבע רייד האָט זיך אויך אין נאָוועמבער דער צאַר געווענדט אין מאָסקווע צו דער פערזאַמלונג פֿון די פֿאָרשטעהער פֿון אַלע שטאַנדען.

די הבטחה פֿון צאַר צו ווירקען האַרט און שטרענג האָט מען מקיים געווען. דעם 15-טען סעפּטעמבער האָט מען אַרעסטירט די פעטערבורגער מיטגליעדער פֿון דער גרעסטער פֿון די דאַמאָלסדיגע אָרגאַניזאַציעס — „זעמליאַ אי וואָליאַ“. אין יענער צייט איז דיזע אָרגאַניזאַציע בעשטאַנען פֿון אַ מאַן 50-60; אַ'ן ערך צעהן פֿון זיי האָבען געפֿיהרט אַלע עסקים פֿון דער אָרגאַניזאַציע אין פעטערבורג: פֿערשאַפֿט פּאַספּאָרטען און געלד, אַ'ן ערי-מקלט פֿאַר די, וואָס דאַרפֿען זוך בעהאַלטען און צוגעצויגען צו דער פּאַרטיי נײַע קרעפֿטען פֿון די סטודענטען און אַרבייטער. די פֿעהיגסטע מיטגליעדער, ווי אַדריאַן מיכאַילאָוו, סאַבוראָוו, אָבאָלעשין, סאָבאָליעוו, דער דאָקטאָר וויימאַר, מאַלינאָווסקאַיאַ און קאַלינקינאַ האָט מען אַרעסטירט. די פּאָליציי האָט פֿערכאַפּט די פּאַספּאָרטען און די חתימות, אַ סך פֿערבינדונגען זיינען פֿערלאָרען געגאַנגען. יענע מיטגליעדער, וועמען ס'האָט זיך איינגעגעבען אַרוסצודרעהען זיך, האָבען ניט געהאַט ניט קיין פּאַספּאָרטען, ניט קיין געלד. עס האָבען זיך דאָך געפֿונען 4-5 מענשען, וועלכע האָבען מיט גרויס ענערגיע אויפֿגעבויט צוריק די צושטערטע אָרגאַניזאַציע. בעזאָנדערס האָט זיך ווידער אויסגעצייכענט אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, וועלכער ס'איז אומעטום אַרומגעלאָפֿען, געקליבען געלד, געמאַכט פּאַספּאָרטען, פֿערפֿיהרט פערבינדונגען; דער סוף איז געווען, אַז די חברה „זעמליאַ אי וואָליאַ“ איז ניט בלויז ניט פֿאַנאַנדערגעפֿאַלען, נאָר זי האָט אפילו געהאַט די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט דער דרוקעריי, וואָס איז נצל געוואָרען פֿון די אַרעסטען און האָט אַרויסגעלאָזען פֿון 25-טען אָקטאָבער אַ צייטונג, וואָס האָט זיך אויך גערופֿען מיט'ן זעלבען נאָמען „זעמליאַ אי וואָליאַ“. אין איהר ערשטען נומער האָט די צייטונג ערקלערט, דאָס די אויפֿגאַבע פֿון דער פּאַרטיי איז אַרויסרופֿען און דורכפֿיהרען די „פֿאָלקס-רעוואָלוציע“; די אַגראַר-פֿראַגע פֿערנעמט ביי איהר דעם ערשטען אָרט; פֿון די רעוואָלוציאָנערען פֿאָדערט זי, אַז זייערע קרעפֿטען זאָלען זיי דער עקר אָנווענדען אויף דער אַרבייט אין דאָרף.

אין דער פּראָווינץ האָט דער טעראָר ניט זעהר אַ סך אויסגענומען; פיעלע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען דאָרט געאַרבייט, האָבען זיך אָבגעזאָגט צו העלפען אין דעם טעראָריסטישען קאַמפּף, ווייל, ווי זיי רעכענען, האָבען די לעצטע פעטערבורגער פאַסירונגען קיין שום בעדייטונג ניט געהאַט און דער „גלענצענדער פייערווערק" פון די טעראָריסטען האָט זיי אויסגעוויזען אפילו געפעהרליך. פונדעסטוועגען האָט דאָך די צייטונג „זעמליאַ אי וואָליאַ" אַרויסגעשטעלט דעם פונקט וועגען טעראָר און האָט אָנגעוויזען, אַז עס איז העכסט נויטיג אַ'ן אָרגאַניזאַציע פון טעראָריסטען, וועלכע עס זאָל אין דעם „אונברחמנות'דיגען" קאַמפּף „שיצען" די פאַרטיי פון שעדליכע פערזאָנען.

די „געזעלשאַפט" האָט זיך גערן אָבגערופען אויף דער בקשה וועגען הילף, מיט וועלכער עס האָט זיך צו איהר געווענדט דער מאַניפעסט פון דער רעגירונג, ווי אויך די רעדע פון דעם צאַר. פיעלע זעמסטוועס האָבען אין ווינטער 1878-1879 אָנגעהויבען צו בעטראַכטען די פראַגע וועגען די מיטלען, מיט וועלכע מען קען העלפען דער רעגירונג און אייניגע האָבען אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון ליבעראַלע רעפאָרמען, וועלכע מען האָט געגעבען אפילו די באָלגאַרען. די כאַרקאָווער און די מאָסקווער זעמסטוועס האָבען אפילו געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום מיניסטער מיט די זעלבע פאָדערונגען. אין טשערניגאָוו האָט די זעמסטוואָ געפונען, אַז אין דער פערברייטונג פון די אידעען געגען דער מלוכה איז ערשטענס שולדיג די שלעכטע אָרגאַניזאַציע פון די מיטעלע און העכערע שולען, צווייטענס וואָס עס פעהלט רעדע- און פרעסע-פרייהייט, און אויך וואָס דאָס געפיהל פון געזעצליכקייט איז ווענִיג ענטוויקעלט ביי דעם פאָלק; מיט אַ גרויסען וועהטאָג אין האַרצען מוז די זעמסטוואָ מודה זיין, אַז ביי אַזעלכע בעדינגונגען איז זי גאָר ניט ביוכלת און האָט קיין שום עצה ניט צו קעמפּפען געגען דער צרה. אויף דער פערזאַמלונג פון דער טשערניגאָווער זעמסטוואָ האָבען זיך בעוויזען אייניגע זשאַנדאַרמען. אין פּאָלטאַווע האָט מען אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע, וועלכע עס זאָל פּועל'ען ביי דער רעגירונג צו פערגרעסערען די רעכטע פון די זעמסטוועס, נאָר דער גובערנאַטאָר האָט אָבגענומען ביי די דעפּוטאַטען די צוגעגרייטע פעטיציע. די זעמסטוואָ פון טווער האָט אויך געפונען, אַז אין דער פערברייטונג פון די „פאַלשע לעהרען" איז שולדיג די קלאָגעדיגע אָרגאַניזאַציע פון די שולען, נאָר דער פאָרזיצענדער פון דער פערזאַמלונג, דער מאַרשאַל פון דעם אַדעל, האָט אפילו ניט דערלאָזען צו דיסקוטירען וועגען דיזער פראַגע. אין מערץ 1879 האָבען זיך בענוצט די ליבעראַלען, וועלכע עס האָבען איצטער בעקומען אַ גרעסערען מוטה, מיט אַ'ן אַנדער געלעגענהייט, כדי צו מאַכען אַ דעמאָנסטראַציע אין ביידע הויפּטשטעדט פון דער מדינה. דערביי האָבען די מעהר געלאַסענע סאָציאַליסטען אונטערגעשטיצט די ליבעראַלען. אין יענער צייט איז געקומען אין רוסלאַנד אויף עטליכע חדשים דער בעריהמטער איוואַן טורגעניעוו, וועלכער ס'האָט געוועהנליך געלעבט אין פּאַריז. ער האָט אפילו, אמת, ווענִיג וואָס געהאַלטען פון דעם ניהיליזם און סאָציאַליזם און איז אפילו געוועזען זייערער אַ מתנגד, נאָר ווי אַ'ן עכטער ליבעראַל האָט ער זעהר אַ סך געטהאָן פאַר דער בעפרייאונג פון די בויערן און האָט שטענדיג אויפגעדעקט די פערדאָרבענהייט און די עקספּלואַטאַטאָרישע אינסטינקטען פון די העכערע קלאַסען. אין זיין ראָמאַן „נאָוו" (ניילאַנד) האָט ער אַרויסגעשטעלט פאַר אַ העלד פון דער צוקונפט — סאָלאָמינען, אַ'ן אַרט רוסישען שולצע-דעליטש. אין די רעדען און אַדרעסען, מיט וועלכע די פּראָפעסאָרען, געלעהרטע און סטודענטען האָבען בעגריסט דעם

גרויז-אַלטען שריפֿטשטעלער האָט דער עולם גערעדט מיט די שאַרפֿסטע ווערטער און דער בעריהמטער ראָמאַניסט האָט זיך אויך פֿון זיין זייט אָבגערופֿען אויף דעם זעלביגען אופֿן. „אַלעס בעוויזט", האָט איינמאָל געזאָגט טורגעניעוו, „אַז מיר שטעהען גאָר נאָהענט, ווען אפילו צו אַ פֿריעדליכער און געזעצליכער אָבער דאָך צו זעהר אַ בעדייטענדער אומ-ענדערונג פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכען לעבען". דער צאַר איז געוועזען זעהר אונצופֿריעדען מיט אַזעלכע ליבעראַלע עסקים. „דאָס איז אַ שטן מקטרג" — האָט ער געזאָגט וועגען דעם בעליעבטען רוסישען שריפֿט-שטעלער; מען האָט איהם אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען און מען האָט איהם געגעבען אָנצוהערענעס, אַז ער זאָל זיך ניט פֿערזאַמען אויף לאַנג אין רוסלאַנד; אַרעסטירען האָט מען איהם דאָך ניט געוואַגט און אַזוי האָט ער געקענט אונגעשטערט פֿערלאָזען רוסלאַנד מיט אַ קורצע צייט פֿאַר דעם אַטענטאַט אויף'ן צאַר.

די ליבעראַלע בעוועגונג, וועלכע ס'האָט זיך געציעלט צו אַ קאָנ-סטיטוציע און וועלכע ס'האָט זייט דעם טערקישען קריעג געהאַלטען אַלץ אין וואַקסען, איז אים ווינטער 1879-1878 דערגאַנגען ביז צו איהר העכסטען פונקט. און ס'איז קלאָר, אַז זי האָט אויך געמוזט שטאַרק ווירקען אויף די סאָציאַליסטען. אין דעם משך פֿון 1878-טען יאָהר האָבען די שרעקליכע רדיפות געגען דער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע קלאָר בעוויזען די סאָציאַליסטען, אַז זייערע געפֿעהרליכע פֿיינד זיינען ניט די פּריצים און פֿאַבריקאַנטען, נאָר די רעגירונג און די בעאַמטע, וועלכע עס דערשטיקען יעדען פֿרייען אָטעם מיט אַזאַ ווילקיר, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט און מיט אַ אינגעהייערער מאַכט. קיין שום זיכערהייט פֿון פּערזענליכע פֿרייהייט עקסיסטירט ניט; אפילו די, וועלכע דאָס געריכט לאָזט אַרויס פֿריי, פֿערשיקט מען אַדמיניסטראַטיוו און מען שטעלט זיי אוועק אונטער אַ שטרענגער פּאָליציייאישער השגחה; היינט ווער רעדט שוין וועגען פּאָליטישע רעכטע, וועגען פֿרייהייט פֿון רעדען, פֿון פֿערזאַמלונגען, פּעראייגען; און אָהן דאָס אַלץ עקסיסטירט דאָך קיין שום יסוד ניט פֿאַר אַ געזעצליכער, לעגאַלער אַגיטאַציע. עס האָט זיך דעריבער אַרויסגעוויזען, אַז די ערשטע אויפֿגאַבע מוז זיין צו דערשלאָגען זיך צו דיזע רעכטע, כדי צו בעשאַפֿען די מעגליכקייט פֿאַר אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישען פֿאָלק. דאַן האָבען זיך אומעטום אָנגעהויבען די וכוחים וועגען אַ קאָנסטיטוציע.

צו דאַרף מען זיך ציעלען צו אַ קאָנסטיטוציע צוליב דעם ערפֿאָלג פֿון סאָציאַליזם? ניין, האָבען אייניגע געענטפֿערט, ווייל דער פּאַר-לאַמענטאַרישער קאַמפּף, וועלכער עס ברייננגט ניט, ווי מיר זעהען עס אין מערב איירופּא, קיינע נוטצען פֿאַר'ן פֿאָלק, וועט איינשלינגען די קרעפֿטען פֿון דער געזעלשאַפֿט און אויך אַ טייל פֿון דער רעוואָ-לוציאָנערער יוגענד. דאָס פֿאָלק וועט אין אַ משך פֿון א לענגערער צייט לייגען גרויסע האָפֿנונגען אויף'ן פּאַרלאַמענטאַריזם און וועט פֿון די סאָציאַליסטישע לעהרען גאָר ניט ווועלען וויסען. ניט קוקענדיג אויף דעם, האָט דאָך דער גרעסטער טייל פֿון די דאַמאָלסדיגע רעוואָ-לוציאָנערען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו האַלטען פֿון אַ קאָנסטיטוציע. די געשיכטע ווייס ניט פֿון שפּרינגען, האָבען זיי געזאָגט, דער רוסי-שער אַבסאָלוטיזם קען ניט מיט אַ מאָל אַיינגעשלונגען ווערען פֿון דעם סאָציאַליזם. עס זיינען דערביי נויטיג איבערגאַנגס-שטופֿען. מיר קענען אָבלערנען פֿון מערב אייראָפּא, אַז דער אָנפֿאַנג פֿון יעדער פֿערבעסערונג איז אַ קאָנסטיטוציע, וועלכע עס פֿערשאַפֿט די פֿרייהייט פֿון רעדען און דרוקען און דערמיט די מעגליכקייט צו דער טעאָרעטי-שער ענטוויקלונג פֿון סאָציאַליזם. אויך איז אין רוסלאַנד די בורזשואַ-

זיע נאָך ניט פֿאַרטיג צום קאַמפּף, זי איז אונוויסענד און האָט ניט קיין קלאָרען בעוואוסטזיין פֿון איהרע קלאַססען-אינטערעססען. דעריבער ווערט מען איהר אין רוסלאַנד ביי אַ פּאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג גיכער קענען בייקומען איידער אין מערב אייראָפּאַ. אין די פּראָצעססען פֿון די 50 און 193 האָבען די אָנהייבער פֿון אַ קאָנסטיטוציע געפֿונען אַ ראיה צו זייערע רייד און זיי זיינען דורך דעם אויף אַזוי פֿיעל שטאַרקער געוואָרען, אַז אין משך פֿון ווינטער 1878—79 איז די מעהרהייט אַריבער אויף זייער צד. אמת, דער רעיון, אַז עס איז מעגליך איבערגעהען גלייך צום סאָציאַליזם האָט זיך נאָך געהאַלטען ביז צום 1879-טען יאָהר, אָבער דאָס איז געווען ניט מעהר ווי אַ בלינדער גלויבען. צוליב לייכט ערקלערליכע פּסיכאָלאָגישע טעמים האָבען פֿיעלע רעוואָלוציאָנערען ניט געוואָלט, און אויך ניט געקענט מיט איין מאָל שיידען זיך מיט זייערע סאָציאַליסטישע טראַדיציעס און אַרויסשטעלען אויף'ן ערשטען פּלאַן דעם פּאָליטישען קאַמפּף: זיי זיינען נאָר וואָס געווען אַזוי פֿערקאָכט אין דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און זיינען צו שאַרף אַרויסגעטראָטען געגען דער ריין-פּאָליטישער בעוועגונג. נור די מעהר ענערגישערע און היציגערע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געקענט אָבזאָגען פֿון זייערע פֿריהערדיגע אידעען: דער טעמפּעראַמענט האָט דאָ געשפּילט די גרעסטע ראָלע. זיי האָבען אַרויסגעשטעלט אויף'ן ערשטען פּלאַן דעם פּאָליטישען קאַמפּף, ניט מתפּעל ווערענדיג פֿון דעם, וואָס מען האָט זיי אויפֿגעוואָרפֿען, אַז זיי האָבען ניט קיינע פֿעסטע איבערצייגונגען און זיי זעהען ניט ווייטער פֿון זייערע אייגענע ד' אמות.

דאָס האָט די רעוואָלוציאָנערען מתקרב געווען מיט די ליבעראַלען, ווייל זייערע ביידענס ציעלען זיינען איצטער געוואָרן גלייך. מען האָט אָנגעהויבען צופֿריעדען זיך מיט די ראַדיקאַלע פּאָליטיקער פֿון די זעמסטוועס, מיט די ליבעראַלע זשורנאַליסטען און אַדוואָקאַטען, כדי צו פּועל זיין, אַז זיי זאָלען אויפֿהערען צו בעהאַלטען זיך מיט זייערע ליבעראַלע אידעען און זאָלען איבערגעהען צו אַ'ן ענערגישער טהעטיגקייט; מען האָט אפילו פֿון זיי ניט געפֿאָדערט אַרויסטרעטען זעלבסטשטענדיג, מען האָט נור געוואָלט זיי זאָלען בלויז ענערגיש אונטערשטיצען די רעוואָלוציאָנערען. די ערנסטערע פֿערטרעטער פֿון דער יוגענד, וועלכע זיינען שפּעטער אומגעקומען אַלס טעראָריסטען האָבען גענומען אַ'ן אַנטייל אין דיזע פֿערהאַנדלונגען. איינער פֿון די קורצדויערנדע רעזולטאַטען, וועלכע דיזע פֿערבינדונג האָט געבראַכט, איז געווען צ. ב. אין פֿריהלינג 1878 די צייטונג „נאַטשאַלאָ". די צייטונג „זעמליאַ אי וואָליאַ", דער אָרגאַן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, האָט, קריטיקירענדיג די פֿאָדערונגען פֿון די ליבעראַלע פּאָליטיקער און די זעמסטוועס, דאָך ערקלערט, אַז דיזע פֿאָדערונגען האָבען אַ געוויסען ווערטה און זי האָט אָבגעדרוקט דעם ענטפֿער פֿון די ליבעראַלען אויף דעם בעקאַנטען רעגירונגס צירקוליאַר פֿון 1878-טען יאָהר, אין וועלכען מען פֿאָדערט פֿון דער געזעלשאַפֿט הילף אין קאַמפּף מיט דער „קראַמאָלאַ" אין דער געהיימער דרוקעריי פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ". אין פּעטערבורג האָבען זיך געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס פֿון מעסיגע ליבעראַלען מיט קאָנסטיטוציאָנעלע פֿאָדערונגען; אגב האָבען איינינע פֿון זיי די רעוואָלוציאָנערען אויך אַליין געשריבען, ד. ה., זיי זיינען געווען געפֿאַלשעוועטע. איינינע ליבעראַלע טהוער פֿון זעמסטווא האָבען אפילו געוואָלט אַרויסלאָזען אַ קאָלעקטיווע ערקלערונג און האָבען מיט'ן צוועק פֿון אַ דעמאָנסטראַציע געשיקט אַ דעפּוטאַציע אין פּעטערבורג; נאָר זייער דעמאָנסטראַציע איז דאָך ניט פֿאָרגעקומען, דער אַטענטאַט אויף'ן צאַר

האט געמאכט א סוף צו דיזע בעציהונגען צווישען די רעוואלוציאנערען און די ליבעראלען; די רעוואלוציאנערען זיינען ווידער געבליבען אליין און האבען געקענט בויען נור אויף זייערע אייגענע קרעפטען.

די אונטערשטיצונג, וועלכע זיי האבען בעקומען פון די צוויי אנדערע אפאזיציאנעלע עלעמענטען פון דער געזעלשאפט: פון די סטודענטען און פון דעם ארבייטער קלאס, איז אויך קיין גרויסע ניט ניט געווען. אין סוף פון 1878-טען יאהר זיינען אין פיעלע אוניווערזיטעטען פארגעקומען אונרוהען. די סטודענטען פון דעם כארקאווער וועטערינאר-אינסטיטוט האבען ארויסגעטריבען א פראפעסאר. די סטודענטען פון דעם כארקאווער אוניווערזיטעט האבען זיך געשטעלט אויף'ן צד פון זייערע חברים, און אין פעטערבורג, און קיעוו זיינען צוליב דעם פארגעקומען זעהר רעש'דיגע סטידענטען-פערזאמלונגען, וועלכע מען האט פאנאנדערגעטריבען מיט די שווערדען פון זשאנדארמען און נאגאיקעס פון קאזאקען און דערביי זיינען פיעלע סטודענטען פערוואונדעט און איינגע גע'הרג'עט געווארען.

די פראפעסארען זיינען געווען אין גאנצען גערעכט, ווען זיי האבען פראטעסטירט געגען אזא בעגעהן זיך פון די רעגירונגס דיענער: „עס איז בשום אופן,— האבען זיי געשריבען,— קיין הכרח ניט געווען אנצואווענדען אזעלכע אכזריות'דיגע מיטלען, די לאגע האט עס אפילו אויף א האר ניט געפאדערט. ביי אזעלכע אומשטענדען וועט עס פאר די פארשטעהער פון דער וויסענשאפט שווער זיין אויפצוהייבען ניט נור דעם פערשטאנד, נאר אויך די מדות פון דער סטודירענדער יוגענד. די קינפטיגע דאקטוירים, לעהרער, ריכטער וועלען ארויסטראגען פיעל שעדיכעס פאר דער מלוכה און דער געזעלשאפט פון דעם פאקט, וואס מען האט זיי געשלאגען אין מיטען גאס מיט נאגאיקעס אהן א שום דין און משפט". צו גלייכער צייט האט א ספעציעלע קאמיסיע בעוויזען אין איהר בעריכט, אז „א חוץ די אלגעמיינע סיבות, וואס זיינען איינגעווארצעלט אין די בעדינגונגען פון דעם גאנצען רוסישען געזעלשאפטליכען סיסטעם", זיינען דא נאך סבות פון די סטודענטען-אונרוהען: דער חשד, וואס ליגט אויף די סטודענטען ווי אויף פאליטיש געפעהרליכע מענשען; די פאליציייאישע אונטערדריקונגען פון די סטודענטען אין זייער פריוואט לעבען, וועלכע עס בערויבען ביי דער יוגענד איהר פערזענליכער זיכערהייט; די אונטערגעדריקטע לאגע פון די אוניווערזיטעטס פיהרער, וועלכע עס קענען ניט מיט א רוהיגען געמיטה בענוטצען זיך מיט די דיסציפלינאר-שטראפען, ווייל זיי ווייסען, אז נאך דעם קומען געוועהנליך די „אדמיניסטראטיווע" בעשטראפונגען, וועלכע עס גראבען אין גאנצען אונטער דעם קומענדען לעבען פון דעם יונגען מענשען; ענדליך די אונגעהויערע לייכטזיניגקייט ארעסטירט צו ווערען און אריינפאלען אין די הענד פון דער פאליציי, וואס עס האט א פערדערבליכע ווירקונג אויף דער צוקונפט פון דער יוגענד. דער בעריכט האלט פאר נויטיג צו בעזייטיגען דיזע אלע סבות פון די אונרוהען, כדי עס זאל זיך ענטוויקלען צווישען דער יוגענד „דער אבשיי" פאר'ן געזעץ און פאר זיינע פאדערונגען.

די ארבייטער האבען פון זייער זייט ארגאניזירט א סך שטרייקען אין פערשידענע אינדוסטריעלע ערטער. א גרעסערע בעדייטונג האט געהאט די בעוועגונג צווישען די פעטערבורגער וועבער און שפינער. אין אנהויב פון 1879-טען יאהר איז ארויס א'ן אויפרוף צו די פעטערבורגער ארבייטער, וואס איז צו גלייכער צייט געווען דאס פראגראם פון דעם „צפון-רוסישען ארבייטער בונד", וועלכער עס האט געזאלט פעראיניגען די שטאדטישע און די דארפישע ארבייטער, דאס פראגראם

איז בעשטאַנען פֿון געוועהנליכע סאָציאַליסטישע פֿאָרערונגען און צווי-
שען די נאָהענטסטע ציעלען האָט מען אויך גערעכענט די פּאָליטישע
פֿרייהייט און געזעצען, וואָס זאָלען שיטצען די אַרבייטער. די אויפֿגאַבע
פֿון דעם „צפון בונד" איז געווען צוציהען די ארבייטער און בויערן
דורך פּראָפּאַגאַנדע און פֿרידליכע אַגיטאַציע, נאָר ס'האָט זיך אויך
דערמאָנט וועגען די מעגליכקייט פֿון אַ'ן אָפֿענעם אויפֿשטאַנד. די צאָהל
פֿון די מיטגליעדער איז דערגעגאַנגען ביז 200, נאָר אין פֿריהלינג פֿון
דעם זעלבען יאָהר זיינען 50 פֿון זיי אַרעסטירט געוואָרען איבער דער
מסירה פֿון דעם שפּיאָן ריינשטיין; אויך האָט מען פֿערנומען די דרוקע-
ריי, וואָס זיי האָבען נאָר וואָס געעפֿענט. אָנגעפֿיהרט האָט דיזע
בעוועגונג אַ גרופּע, וואָס איז בעשטאַנען פֿון אינטעליגענטען און אַר-
בייטער, פּאַסטאָרטען און געלד פֿלעגט זיי פֿערשאַפֿען אַלעקסאַנדר
מיכאַילאָוו און אַנדערע מיטגליעדער פֿון דער אָרגאַניזאַציאָן „זעמליאַ
אי וואָליאַ".

דערווייל האָט דער קאַמפּף צווישען דער רעגירונג און די רעוואָ-
ליציאָנערען ניט אויפֿגעהערט. אויף מעזענצעוו'ס אָרט האָט מען געמאַכט
פֿאַר אַ שעף פֿון דער געהיימער פּאָליציי דעם גענעראַל דרענטעלן,
עס האָבען זיך אָנגעהויבען מאַסענווייזע אַרעסטען; פֿאַר איין ווינטער
האָט מען נור אין פּעטערבורג אַרעסטירט ביז 2000 מענשען. עס
פֿערשטעהט זיך, אַז דערביי האָבען אויך ניט אויסגעפֿעלט בלוטיגע
קאַמפּפֿען, ווייל די רעוואָלוציאָנערען פֿלעגען אַרויסטרעטען ביי די אַרעס-
טען מיט אַ בעוואַפֿענטען ווידערשטאַנד. די זשאַנדאַרמען האָבען אָנגעהוי-
בען ציטראָגען פּאַנצערען, כדי זיך צו שיטצען. טעראָריסטישע אַקטען
פֿון נקמה וועגען האָבען אויך ניט געפֿעלט. אַם 9-טען פֿעברואַר 1879
האָט גאָלדענבערג דערשאָסען פֿון אַ רעוואָלווער דעם פֿירסט קראָפּאָט-
קין, גובערנאַטאָר פֿון כאַרקאָוו, אַ נאָהענטער קרוב פֿון דעם בעוואוסטען
רעוואָלוציאָנער. מען האָט איהם געשאָסען ביי נאַכט, ווען ער איז
צוריק געפֿאָהרען פֿון אַ באַל אין אַ'ן אָפֿענעם קאַרעט; דעם מערדער
האָט מען ניט געכאַפּט. דעם גובערנאַטאָר האָט מען בעשולדיגט, אַז
ער האָט זיך אוממענשליך בעגאַנגען מיט די אַרעסטירטע. אַם 12 טען
מערץ איז מירסקי אין מיטען גאַס אָנגעפֿאַלען אויף דעם גענעראַל דרענטעלן,
ווייל ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ אונגעוועהנליכע אכזריות,
האָט אַרעסטירט אַ גאַנצע מאַסע מענשען און אַרויסגערופֿען אַ צווייטען
הונגער בונט.

די אַטענטאַטען האָבען זיך אַליין אָפֿטער געווענדט געגען די הע-
כערע בעאַמטע אין געגען פּערזאָנען, וואָס פֿערנעהמען אַ גרעסערען
אָרט אין דער מלוכה און פֿאַר די רעוואָלוציאָנערען איז געוואָרען אַליין
קלאָרער און קלאָרער, אַז זיי טרעפֿען נאָך דערמיט אַליין ניט אין זייער
הויפּטציעל. דער הויפּט פֿיהרער פֿון דער מלוכה, דער שולדיגער פֿון
אַלע זייערע פֿערפֿאָלגונגען איז אין זייערע אויגען געווען דער צאַר.
אויף אַזאַ אופֿן איז עס געשעהען, אַז די הריגות פֿון שפּיאָנען און פֿון
בעאַמטע, פֿאַר וועלכע מען האָט זיך צוערשט גענומען פֿון זעלבסטשוץ
אָדער פֿון נקמה וועגען, האָבען קאָנזעקווענט געבראַכט צו דער אידעע
פֿון דעם צאַר'ס הריגה. צו דיזען געדאַנק זיינען גלייכצייטיג געקומען
פֿערשיעדענע פּערזאָנען אין פֿערשיעדענע ערטער. ווען איך האָב ניט קיין
טעות, האָבען שוין אין הערבסט 1878-טען יאָהר די דרום-רוסישע בונ-
טאַרעס, דער אונטער אָפֿיציר דאַווידענקאָ, לאָגאָווענקע, טשורבאַראָוו
און אַנדערע, מיט דער הילף פֿון די פּלאָנען אָפֿיצירען, אונטערגעלייגט אַ
מינע געבען ניקאָלאַיעוו. דאָס איז געווען די איינציגע מינע, וועלכע
די פּאָליציי האָט ענטדעקט נאָך פֿאַר דער אויספֿיהרונג פֿון דעם אַטענ

טאַט. אין דער זעלבער צייט איז געקומען אין פּעטערבורג אַ. סאָלאָוויאָוו, דרייסיג יאָהר אַלט, אַ גרויסער פֿאַנאַטיקער; דעם אוניווערזיטעט האָט ער פֿערלאָזען אויף׳ן צווייטען קורס און איז נאָך דעם געוואָרען אַ לעהרער אין טאָראָפּעץ. דאָ איז ער דורך דעם איינפֿלוס פֿון זיינעם אַ בעקאַנטען פריץ געוואָרען אַ סאָציאַליסט, האָט זיך אויסגעלערנט פֿאַר אַ שמיעד און איז אַוועק אין 1875 אין דער גרויסער אינדוסטריעלער דאָרף פּאַוולאָוואָ אויף דער טייך אָקאַ. שפּעטער האָט ער בעקומען אַ שטעלע פֿון אַ שרייבער אין וואָלאָסט אין סאָרמאָווער גובערניע און דאָ איז ביי איהם געבליבען צו הרג׳נען דעם קייזער. קומענדיג אין פּעטערבורג, האָט ער דערצעהלט וועגען זיין פּלאַן אַלעקסאַנדר מיכאַילאָוו׳ען, פֿון מיכאַילאָוו׳ס בעציהונגען צו דער געזעלשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ“ האָט ער געוואוסט און קיינע אַנדערע בעקאַנטע האָט ער ניט געהאַט. אין מיטען מערץ איז אויך אין פּעטערבורג געקומען גאָלדענבערג, נאָך שטאַרק אַ צוקאָכטער פֿון זיין גליקליכען אַטענטאַט אויף קראַפּאָטקין, און האָט אויך דערצעהלט דעם זעלבען אַלעקסאַנדר מיכאַילאָוו וועגען זיין כונה צו טויטען דעם קיסר. מיכאַילאָוו, זונדעלעוויטש און קוויאַטקאָווסקי זיינען געוואָרען פֿערמיטלער צווישען סאָלאָוויאָווען און גאָלדענבערג. עס זיינען פֿאָרגעקומען אייניגע אסיפֿות אין טראַקטירען. די וכוחים זיינען געגאַנגען לעבעדיג. וועגען דער טעאָרעטישער פֿראַגע האָבען אַלע גערעדט. אָבער די פֿערמיטלער האָבען זיך געסטאַרעט אויסמיידען צו ווירקען אויף סאָלאָוויאָווען און גאָלדענבערג׳ן, פֿאַר וועמען דאָס איז געווען אַ לעבענס-פֿראַגע; אַליין זיינען זיי נאָך דאַן ניט קאַפּאַבעל געווען צו געהן אויף מסירות נפש און זיי האָבען עס געפֿיהלט. *אָך האָבען זיי אויפֿגעוויזען דעראויף, אַז אַ פּוילישער איד טויג דערצו וועניגער, ווייל די פֿערפֿאָלגונגען וועלען דאַן אָננעהמען אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער און זיי וועלען פֿאַלען אויף מיליאָנען אונשולדיגע אידען. סאָלאָוויאָוו האָט בעזאָנדערס גענומען צום האַרצען דיזע בעמערקונגען און האָט פֿערענדיגט די וכוחים מיט דיזע ווערטער: „ניין, נאָר איך פּאַס דערצו אַם בעסטען. איך מוז געהן, דאָס איז מיין זאַך. אַלעקסאַנדר דער II טער איז מיינער און איך וועל איהם קיינעם ניט אָבטרעטען“. גאָלדענבערג און די פֿערמיטלער האָבען מעהר קיין איינציגען וואָרט ניט געזאָגט. דער אָרט און די צייט פֿון דעם אַטענטאַט האָבען געמאַכט פֿאַר איבעריג אַ וועלכע ניט איז דירעקטע הילף; נאָר מיכאַילאָוו האָט זיך פֿון דערווייטען צוגעקוקט. דעם 2-טען אַפּריל 1879 האָט סאָלאָוויאָוו 5 מאָל אויסגעשאָסען אין דעם קיסר, וועלכער עס האָט געשפּאַצירט, און האָט איינמאָל ניט געטראָפֿען. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פֿון די טעראָריסטען-קאָנסטיטוציאָנאַליסטען, וואָס האָט זיך שוין דאַמאָלסט געבילדעט, האָט נאָר ריין-פֿאָרמעל געהאַט דאָס רעכט ניט צו געהמען אויף זיך די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר דיזען אַקט, ווייל דאָ האָט געווירקט אַ׳ן איינצעלנער מענש אויס זיין אייגענער איניציאַטיווע און פֿון פֿריהער האָבען וועגען דעם געוואוסט נאָר אַ קליינע צאָהל פּערזאָנען. אין דער אמת׳ן אָבער האָבען צו דיזע פּערזאָנען געהערט גראַדע די פֿיהרער פֿון דער דאַמאָלסטיגער בעוועגונג, וועלכע עס מוזען אין גאַנצען טראָגען אויף זיך די מאָראַלישע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר דיזען אַטענטאַט.

די פּאָליטישע טעראָריסטען האָבען דערזעהען, אַז דאָ האָט מען געוואַגט ביז צום העכסטען גראַד. דאָס בלוט האָט געקאָכט, דער דפק האָט געקלאַפּט שטאַרקער! נאָר כדי ווייטער צו געהן אויף דעם זעלבען וועג און מאַכען דעם טעראָר פֿאַר אַ כסדר׳דיגען

קאַמפּפֿס-מיטעל איז נויטיג געווען אַ שטאַרקערע אָרגאַניזאַציע מיט אַ שטרענגערער דיסציפּלין און אַ בעסערער קאָנספּיראַציע. דער אַטענטאַט פֿון סאָלאָוויאָוו האָט שאַרף אַוועקגעשטעלט דיזע פֿראַגע. עס איז געוואָרען אָהן אַ תירוץ נויטיג צונויפֿרײדען זיך מיט די סאָציאַליסטען און מיט די מעהר פֿריעדליכע פֿעדעראַליסטען וועגען די ציעלען, מיטלען און דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער פּאַרטיי.

נאָך דעם אַטענטאַט איז רוסלאַנד צוטיילט געוואָרען צווישען 6 צענטראַל-גובערנאַטאָרען, וועלכע מען האָט געגעבען אַ אויסערגעוועהנליכע שליטה איבער דער בעפֿעלקערונג. די גענעראַלען גורקאָ און טאָטלעבען האָבען אָנגעוואָרפֿען אַ'ן אימה אויף פּעטערבורג און אָדעס. דער ווייסער טעראָר פֿון דער רעגירונג איז אויף אַ האָר ניט אָבגעשטאַנען פֿון רויטען טעראָר. די גאַנצע בעפֿעלקערונג פֿון פּעטערבורג האָט מען אַוועקגעשטעלט אונטער דער שטענדיגער השגחה פֿון די הויזוועכטער (דוואָרניקעס), די בעלי-הבתים פֿון הייזער האָבען געמוזט נעהמען אויף זיך אַ שווערען יאָך אויסצוהאַלטען זיי. דאָס פּאַספּאָרטען-סיסטעם האָט מען פֿערשטאַרקט; דעם האַנדעל מיט געוועהר און סם האָט מען אָנגעהויבען בעזאָנדערס צו קאָנטראָלירען; אויף די שטודירענדע און אויף די פֿוהרמאַנעס — בעזאָנדערס אַכטונג צו געבען; פֿיעל בעאַמטע האָט מען אָבגעזאָגט, אַרעסטירט אָדער פֿערשיקט. גלייכצייטיג האָט מען פֿיעל רעוואָלוציאָנערען פֿער'משפט צום טויט און אויפֿגעהאַנגען, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען אַרויסגעוויזען אָדער געטראַכט אַרויסצואווייזען אַ בעוואַפֿענטען ווידערשטאַנד. אָסינסקי'ן, למשל, האָט מען פֿער'משפט און געטויט, כאָטש ער האָט נאָך ניט צייט געהאַט אַרויסצונעהמען זיין רעוואָלווער פֿון קעשענע. אַנדערע, וועלכע זיינען געווען אַרעסטירט פֿון 1876-טען, האָט מען אויפֿגעהאַנגען, ווי למשל אין אָדעס, נאָר ווייל די רעגירונג האָט אין זיי געפֿונען צו דער האַנד קרבנות, אָן וועלכע זי קען זיך נקום זיין. איצטער איז פֿאַר די רעוואָלוציאָנערען דער קאַמפּף מיט דער בורזשואַזיע און די פּריצים אָבגעטראָטען אויף'ן לעצטען פּלאַן, דער עקר איז פֿאַר זיי געוואָרען דער קאַמפּף מיט דער רעגירונג. פֿריעדליכע מיטלען זיינען פֿאַר זיי איצטער געוועזען אַ צו טעמפּער געוועהר. זיי האָבען זיך גענומען פֿאַר טעראָר. אַלץ מעהר האָט זיי אָבער דעריבער געפֿעהלט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, אום צו קענען ווירקען סיסטעמאַטיש. ווי מיר האָבען געזעהען, איז אין פּרט פֿון אָרגאַניזאַציאָנס ענינים צפֿון-רוסלאַנד אַלע מאָל אַ סך העכער געשטאַנען פֿאַר דרום-רוסלאַנד. די רעוואָלוציאָנערען פֿון דרום האָבען די ערשטע אָנגעווענדעט הריגות און רמאות, זיי האָבען אָבער ניט געקענט אָרגאַניזירען די קרעפֿטען, וועלכע זיינען דערויף נויטיג געווען. פּערזענליכע פֿרייהייט איז פֿאַר זיי געווען די הייליגסטע זאַך, און דעריבער האָבען נאָר זיי געקענט עקסיסטירען העכסטענס: פֿעראייניגונגען פֿון נאָהענטע חברים. אַזעלכע גרופּען האָבען געקענט אַרויסווייזען אַ גרויסע מסרת-נפש, אָבער בייקומען די רעגירונג האָט מען מיט זיי דאָך ניט געקענט. ביז איצט האָבען אַלע אַטענטאַטען געשטאַמט פֿון אַזעלכע קליינע חברות אָדער איינצעלנע פּערזאָנען. איצטער האָט מען אָבער געמוזט סיסטעמאַטיזירען דעם טעראָר, ווי אָסינסקי האָט עס פֿאַר זיין טויט איבערגעגעבען בצוואה זיינע חברים, און צוליעב דיזען ציעל האָבען די טעראָריסטען געמוזט טראַכטען ווי צו פֿערנעהמען צו זיך אין האַנד די גרעסטע און רייכסטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דאַמאָלסט עקסיסטירט.

אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז אין פֿריהלינג 1879 געווען די געזעלשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ“, וועלכע עס האָט אויך געהאַט איינגע שוואַכע

צווייגען אין דרום, איז אָבער אין גאַנצען געשאַפֿען געוואָרען, אין צפון. דיזע געזעלשאַפֿט האָט זיך ווידער אויפֿגעריכט פֿון די אַרעסטען, וואָס מען האָט ביי איהר געמאַכט אין הערבסט, האָט געהאַט אַ'ן אייגענע געהיימע דרוקעריי, אַרויסגעגעבען אַ ציימונג, איהר הכנסה האָט בעטראָפֿען איינינע צעהנדליג טויזענד רובל אַ יאָהר און זי האָט געהאַט איינינע בעדייטענדע ישוב'ען אַרום דער וואָלגאַ, דער עקר אין סאַראַטאָווער גובערניע. דאָ האָבען די מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿערנומען שטעלען פֿון שרייבער אין די וואָלאָסטען און אויך אַנדערע ערטער און די בעציהונגען צו די „גרויסע לייט" זיינען געווען אַזוי אויסגעצייכענט, אַז מען האָט געקענט בעקומען שטעלען, וויפֿיעל מען וויל, אַבי עס וואָלטען נאָר געווען אַגיטאַטאָרען, וואָס זאָלען זיי קענען פֿערנעהמען. איינער פֿון דיזע שרייבער האָט זיך שטענדיג אויפֿגעטראָגען מיט דעם מאַרשאַל פֿון דעם אַדעל און מיט דעם פּרעזידענט פֿון זעמסטוואָ, ניט קוקענדיג, וואָס זיי האָבעןביידע געוואוסט, אַז זיי האָבען צו טהאָן מיט אַ אונלעגאַלען מענשען, ביי אַלע סכסוכים פֿלעגט ער שטעהן אויף'ן צד פֿון די בויערן, וועלכע עס האָבען פֿון איהם דערפֿאַר געהאַלטען אַ עולם ומלואו. ערשט אין זומער 1879 האָט די רעגירונג, זוכענדיג די פֿערבינדונגען פֿון סאָלאָוויאָווען, וועלכער עס איז אויך געווען אַ שרייבער אין וואָלאָסט אין סאַראַטאָווער גובערניע, דערוואוסט זיך וועגען דיזע ישוב'ען און האָט זיי צערשטערט. ווייטער האָט זיך אין דער געזעלשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ" געפֿונען אַ גרעסערע צאָהל פֿון לפי ערך געניטע און ענערגישע מענשען און אויסערדעם האָט זי געהאַט אַ סך אַ גרעסערען נאָמען, איידער די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס — וואָס האָט אפשר די גרעסטע בעדייטונג ביי אַ געהיימער טהעטיגקייט. די מיטגלידער פֿון דיזער געזעלשאַפֿט, וואָס האָבען געאַרבייט אין די דערפֿער — מען האָט זיי גערופֿען „דאָרפֿסלייט", — זיינען שטאַרק געשטאַנען פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע; און ווי געטרייע „נאַראָדניקעס" האָבען זיי זיך געציעלט צו בעשאַפֿען אַ פֿאָלקס פּאַרטיי. פֿון טעראָר האָבען זיי ניט געהאַלטען, ווייל ער פֿיהרט צו דער פּאָליטישער טהעטיגקייט און אויף אַזאַ אופן קעהרט מען זיך צוליעב איהם אָב פֿון דעם הויפּטציעל — פֿון דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער רעוואָלוציע, די פּאַרטיי-מיטגליעדער פֿון די שטערט האָבען, פֿערקעהרט, גע'טענה'ט, אַז איצטער איז אַזאַ צייט געקומען, אַז מען מוז אָדער גאָר אָבזאָגען זיך פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאָגאַנדע און אַגיטאַציע אָדער דערשלאָגען זיך צו פּאָליטישע פֿרייהייט, ווייל ביי איצטיגע בעדינגונגען איז אונמעגליך צו רעוואָלוציאָניזירען דאָס פֿאָלק. די פֿערטרעטער פֿון דיזער מיינונג האָבען קיין גוטען שם ניט געהאַט, מען האָט זיי גערופֿען „נאָוואַטאָרען" און קאָנסטיטוציאָנאַליסטען. דעריבער האָבען זיי געמוזט זיין פֿאָרזיכטיג און ניט האַרט אַרויסטרעטען געגען זייערע חברים און זוכען, וואו נאָר מעגליך, אָנהייגער פֿון זייער אידעע, צווישען וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויך געפֿונען זשעליאַבאָוו.

דערווייל איז אונטערגעגאַנגען די צייט, ווען עס האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען, נאָך די סטאַטוטען פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ", דער יאָהרליכער צוזאַמענפֿאָהר, אויף וועלכען מען האָט גערעכענט ווי געהעריג איז בעטראַכטען די אויפֿגאַבען און די אָרגאַניזאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿט. דאָס רוב פֿון די מיטגליעדער האָבען געהאָפֿט, אַז אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר וועט זיך זיי איינגעבען אין גאַנצען אויסוואָרצלען די טעראָריסטישע בעשטרעבונגען. דער צוזאַמענפֿאָהר האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין וואָראָניעזש, ווייל דיזע שטאָדט, וואָס ליגט אין דרום-מזרח פֿון רוסלאַנד

איז געווען דער בעסטער מיטעלפונקט פאַר־דעם גרעסטען טייל פון די,
וואָס אַרבייטען צווישען פאָלק אויף די ישוב׳ען, די טערראָריסטען האָ-
בען פון זייער זייט אויך געוואָלט בעגוטצען דעם צוזאַמענפאָהר צוליב
זייערע ציעלען און האָבען צונויפגערופען אין ליפעצק (טאַמבאָוו. גוב.)
אַ פאַר-קאָנגרעס, ניט געבענדיג וועגען דעם צו וויסען די פּאַרטיי-
מיטגליעדער, וועלכע האָבען מיט זיי ניט מסכים געווען, כדי צו קומען
אין וואָראָניעזש מיט אַ פאַרטיגען פּלאַן. צו דיזער פערזאַמלונג זיינען
געווען איינגעלאַדען ניט נאָר די טעראָריסטען פון „זעמליאַ אי וואָליאַ",
נאָר אויך בעוואוסטע מענשען פון אַנדערע פעראיינען, וועלכע זיינען
ביז אַהער מיט קיין אַנדער זאַך צווישען זיך ניט געווען פערבונדען, ווי
נאָר מיט דעם געדאַנק, אַז עס איז נויטיג אַוועקצושטעלען אויף׳ן ער-
שטען פּלאַן דעם פּאָליטישען קאַמפף, צו צענטראַליזירען די אָרגאַניזאַציע
און צו פיהרען אַ׳ן אַקטיווען קאַמפף מיט דער רעגירונג.

אין זשעליאַבאָוו׳ס ביאָגראַפיע, וואָס טיכאָמיראָוו האָט אָנגעשרי-
בען, אין דיזען העכסט וויכטיגען היסטאָרישען דאָקומענט, דערצעהלט
אונז דער מחבר באריכות, וועלכע אַנזיכטען זשעליאַבאָוו האָט ענטווי-
קעלט אויף׳ן ליפעצקער צוזאַמענפאָהר. די רוסישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָ-
נערע פּאַרטיי, האָט ער געזאָגט, דאַרף זיך שטעלען סאָציאַל-עקאָנאָמישע
ציעלען און ניט פּאָליטישע, די פּאָליטישע פרייהייט איז דער ציעל פון
די ליבעראַלען. נאָר אַזוי ווי די רוסישע ליבעראַלען זיינען אָהנמעכטיג
און זיינען ניט אימשטאַנד צו בעשאַפען אַזעלכע אינסטיטוטען, וועלכע
זאָלען פערזיכערן יעדערען זיינע פערזענליכע פרייהייט און אַזוי ווי
אָהן דעם איז גאָר אונמעגליך קיין שום סאָציאַל-עקאָנאָמישע אַגיטאַציע,
איז פאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי קיין אַנדער ברירה ניטאָ, ווי
אַליין צוצערברעכען די קראַפט פון דעם דעספּאָטיזם און צו ערקעמפפען
פאַר׳ן פאָלק אַזאַ קאָנסטיטוציע, ביי וועלכער עס וועט מעגליך זיין דער
אידעען-קאַמפף. דעריבער, שטעלט ער אַרויס פאַר׳ן ערשטען פּרינציפּ
און דעם נאָהענטסטען ציעל די ערקעמפפונג פון פּאָליטישער פרייהייט;
דערפון זיינען שוין במילא געדרונגען די שפּעטערע פאָדערונגען פון
אַ קאָנסטיטואירענדער פערזאַמלונג און פון דער הערשאַפט פון פאָלקס-
ווילען. מיט זשעליאַבאָוו׳ס רייד זיינען אַלע מסכים געווען, ווען אפילו
ניט גאַנץ בעשטימט. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען צו בעטראַכטען
אויף וועלכען אופן קען מען נקמה נעהמען פאַר די פערפאָלגונגען,
וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך סאָלאָוויאָוו׳ס אַטענטאַט. זשעליאַבאָוו
האָט וועגען דעם בעמערקט, אַז אויב די פּאַרטיי האַלט דעם דעספּאָ-
טיזם פאַר שעדליך, אויב זי רעכענט, אַז די בעפרייאונג קען דער-
גרייכט ווערען נאָר דורך אַ׳ן אָפענעם קאַמפף, דאַן טאָר זי ניט קאַלט-
בלוטיג קוקען אויף דעם ווייסען טעראָר פון אַ טאָטלעבען אין אָדעס
און פון אַ טשערטקאָוו אין קיעוו. נאָר פאַר די מעשים פון דיזע גע-
אַמטע איז דאָך קודם כל פעראַנטוואָרטליך דער צאַר, גראַדע איהם
מוז די פּאַרטיי בעשטראָפען, איהם מוז זי טויטען, קרעפטען דערצו
זיינען פאַראַנען און זיי וועלען וואַקסען אַלץ גיכער, וואָס מעהר ענער-
גישער די פּאַרטיי וועט ווירקען. אויך געגען דיזער מיינונג פון זשעליאַ-
באָוו האָט כמעט קיינער גאָר ניט געזאָגט; ביי זיך אין האַרצען האָבען
שוין אַלע פריהער בעשלאָסען די הריגה פון קיסר, זיי האָבען נאָר
געוואַרט, אַז אימיצער זאָל קלאָר פאָרמולירען זייערע געפיהלען. דער
דריטער פונקט, וועלכען מען האָט נאָך געראַפט בעטראַכטען, איז
געווען די פראַגע וועגען דער פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע. זשעליאַבאָוו
איז נאָך דאַן ניט געווען קיין פערקאָכטער צענטראַליסט, נאָר אונטער
דעם איינפלוס פון אַנדערע מיטגליעדער, דער עקר פון אַלעקסאַנדר

מיכאַילאָוו, האָט דער צוזאַמענפֿאָהר בעשלאָסען, אַז די אָרגאַניזאַציע דאַרף זיין אַ צענטראַליזירטע, העכסט קאָנספּיראַטיווע און מיט אַ שטרענגער דיסציפּלין.*

דיזע וכוחים האָבען געדינט פֿאַר אַ יסוד צו דעם פּראָגראַם, וואָס מען האָט דאַן אויסגעארבייט. די הויפּט פֿאָדערונג איז געווען, אַז די הערשאַפֿט איבער דער מלוכה זאָל איבערגעהן אין די הענד פֿון פֿאָלק. פֿאַר איינעם פֿון די מיטלען צו דערגרייכען דיזען ציעל האָט מען גערעכענט די הריגה פֿון קיסר. דאָ האָט מען אויך אויסגעקליבען דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט. גאָלדענבערג, וועלכען מען האָט מיט אַ פּאָר טעג פֿאַר דעם מאָסקווער אַטענטאַט אַרעסטירט מיט אַ קעסטעל דינאַמיט אויף׳ן באַהן אין יעליסאַוועטגראַד און וועלכער ס׳האָט אַרויסגעגעבען אַלע זיינע חברים, האָט איבערגעגעבען, אַז דער מיטעלפּונקט פֿון אַלע וכוחים אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר איז בלומרשט געווען די פֿראַגע וועגען די פּראַקטישע מיטלען אויף אויסצופֿיהרען די הריגה פֿון קיסר. אָבער מיכאַילאָוו האָט עס גאַנץ בעשטימט אָבגעלייקענט. (אויף׳ן פּראָצעס פֿון 20). נאָך זיין מיינונג, האָט גאָלדענבערג פֿאַלש פֿערשטאַנען די וכוחים און האָט זיי צוגעגעבען אַזאַ קאָליער נאָר דערפֿאַר, ווייל ער אַליין האָט זייט סאָלאָוויאָוו׳ס אַטענטאַט נאָר געלעבט מיט דעם געדאַנק וועגען דער הריגה פֿון קיסר, אין דער אמת׳ן אָבער האָט מען דעם פּראַקטישען פּלאַן פֿון אַ סיסטעמאַטישען אַטענטאַט ערשט שפּעטער אויסגעאַרבייט און גאָלדענבערג איז, אגב, נאָר על פּי טעות געווען איינגעלאַדען אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר אין ליפּעצק.

אין וואָראָניעזש זיינען זיך דערוויילע צונויפֿגעפֿאָהרען אַ סך מיטגליעדער פֿון דער געזעלשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ" די, וואָס האָבען געהערט צו דער דאָרפֿס און פֿאָלקס פּאַרטיי. נאָר אַזוי ווי די טעראָריסטען פֿון דעם ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר האָבען געלאָזען אויף זיך וואַרטען גאַנצע פֿיער טעג, זיינען פֿיעל פֿון וואָראָניעזש אַוועקגעפֿאָהרען צוריק אין די דערפֿער, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט צו פֿערלירען די ערטער, וואָס זיי האָבען דאָרטען פֿערנומען. קומענדיג שפּעטער. האָבען די טעראָריסטען צוערשט געשטעלט די פֿאָדערונג, אַז מען זאָל צונעהמען נאָך נייע חברים, כדי צו מאַכען די פּאַרטיי פֿיערזייטיגער. דער צוזאַמענפֿאָהר האָט דערמיט מסכים געווען און האָט צוגענומען איינגע נייע מיטגליעדער, צווישען זיי אויך זשעליאַבאָוו׳ן און שיראַיעוו׳ן. די וכוחים אויף דיזער פֿערזאַמלונג האָבען קיין תוכן ניט געהאַט. האָבען זיך ניט געקלעפּט, מחמת די ביידע ריכטונגען זיינען צופֿיעל אָבגעשטאַנען איינע פֿון די אַנדערע, אום צו קענען צונויפֿריידען זיך. דער רוב

---

* אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר אין ליפּעצק זיינען געווען אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, פֿראָלענקאָ, טיכאָמיראָוו, קאָלאָדקעוויטש, זשעליאַבאָוו, שיראַיעוו, קוויאַטקאָווסקי, מאָראָזאָוו, גאָלדענבערג, אָלאָוויאַניקאָוו, באַראַניקאָוו און נאָך פֿיער אַנדערע פּערזאָנען. מיכאַילאָוו, פֿראָלענקאָ און מאָראָזאָוו — דיזע דריי האָט מען אויסגעקליבען פֿאַר די פֿיהרער פֿון עקזעקוטיוו קאָמיטעט (איספּאָלניטעלני קאָמיטעט), טיכאָמיראָוו און מאָראָזאָוו — פֿאַר רעדאַקטאָרען פֿון דער צייטונג. (זעה די בעווייזונגען פֿון גאָלדענבערג אויף׳ן פּראָצעס פֿון 16, 25-31 אָקטאָבער 1880.) — טיכאָמיראָוו, אַ זוהן פֿון אַ דאָקטאָר, איז געוואָרען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט אין 1871-טען יאָהר, אין 1873 האָט מען איהם אַרעסטירט און ער איז געבליבען זיצען ביז 1878. נאָך דעם איז ער געוואָרען דער הויפּט פֿיהרער פֿון אַלע טעראָריסטישע אַקטען.

איז נאָך בעשטאַנען פֿון אַלטע פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדיסטען און רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרען, וואָס האָבען נאָך ווי פֿריהער ניט געהאַלטען פֿון פּאָליטיק, טעראָר און צענטראַליזאַציע. „און דאָס זיינען רעוואָלוציאָנערען!“ האָט זשעליאַבאָוו אַ געשריי געטהאָן פֿון כעס. ער האָט געדעכענט, אַז די צערשפּאַלטונג פֿון דער פּאַרטיי איז אונפֿערמיידליך נויטיג און האָט ענטוויקעלט אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר זיינע אַנזיכטען אין דער שאַרפֿסטע׳ר פֿאָרם; דורכדעם האָט ער אַרויסגערופֿען ניט ווייניג רעוואָלוציאָנירונג און אונצופֿריעדענהייט, זיינע פֿריינד, קודם כל די, וואָס האָבען זיך נאָך געשלאָגען מיט דער דעה, אָבער אפּילו אויך די פֿערקאָכטע טעראָריסטען ווי למשל אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, האָבען, פֿערקעהרט, בשום אופן ניט געוואָלט דערלאָזען צו דער צערשפּאַלטונג פֿון דער פּאַרטיי, כדי ניט צו צערשטערען די איינציגע שטאַרקע אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען געבעטען זשעליאַבאָוו׳ן ער זאָל ניט אַרויסזאָגען זיינע מיינונגען אַזוי שאַרף; נאָכדעם האָט זשעליאַבאָוו, מעהר ניט גערעדט אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר, ער האָט נאָר געפֿיהרט פּריוואַטע וכוחים, בעזאָנדערס מיט סאָפֿיא פּעראָווסקאַיאַ. דער צוזאַמענפֿאָהר האָט זיך געענדיגט מיט אַ פּשרה, דאָס פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטיי איז געבליבען די אַלטע, דאָך האָט מען בעשלאָסען, אַז מען דאַרף פֿערשטאַרקען דעם אַקטיווען קאַמפּף געגען דער רעגירונג און ביי טעראָריסטישע אַקטען געגען טיראַנען זאָל די פּאַרטיי ענערגיש העלפֿען. וועגען דער ציטונג „זעמליאַ אי וואָליאַ“, וועלכע איינינגע האָבען בעשולדיגט, אַז זי איז צופֿיעל נוטה צום טעראָריזם, ווייל למשל נאָך דעם אַטענטאַט פֿון מאָלאָוויאָוו, אין דער ביילאַגע צום נומער 4, האָט זי אַזאַ גרויסען ווערט געמאַכט פֿון דער פּאָליטיק, אַז דעם סאָציאַליזם האָט מען דערביי כמעט גאָר ניט געקענט בעמערקען — וועגען דיזער ציטונג האָט דער צוזאַמענפֿאָהר ערקלערט, אַז איהרע טענדענצען שטימען מיט די אַנזיכטען פֿון דער פּאַרטיי; די ישוב׳ען אין פֿאָלק זאָלען בלייבען ווי פֿריהער.

די טעראָריסטען האָבען ניט געקענט זיין צופֿריעדען מיט דיזע רעזולטאַטען, כאָטש אפּילו זיי האָבען איצטער געהאַט מאַטעריעלע מיטלען און אויסערדעם האָבען זיי געקענט האָפֿען ציציהען אויף זייער צד נאָך איינינגע פֿון זייערע געגנער. גלייך נאָך דעם צוזאַמענפֿאָהר זיינען זיי דעריבער אַוועק אין די גרעסערע שטעדט, זשעליאַבאָוו למשל אין כאַרקאָוו, קיעוו און אַדעס, מיכאַילאָוו אין פּעטערבורג, כדי צו געווינען דאָרט נייע חברים. אין פּעטערבורג זיינען פֿאָרגעקומען פֿיעל פֿערזאַמלונגען, וואו ביידע צדדים, — די טעראָריסטען און זייערע געגנער — פֿלעגען פֿיהרען צוזאַמען וכוחים: אין עצם אָבער האָט שוין אין דיזער צייט יעדער גרופּע כמעט זעלבסטשטענדיג געפֿיהרט איהרע עסקים און צוגענומען נייע מיטגליעדער, ביז מען האָט אין פּעטערבורג אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר פֿון די פֿאָרשטעהער פֿון ביידע גרופּען, אַם 15-טען אויגוסט 1879 ענדליך אָפֿען בעשלאָסען די צערשפּאַלטונג פֿון דער פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ“. פֿון די ביידע פּאַרטייען, וואָס האָבען זיך דאַן געבילדעט, איז איינע געווען אַ פּאָליטישע, מיט אַ צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע; דעם טעראָר האָט זי געהאַלטען פֿאַר׳ן הויפּט קאַמפּף׳ס מיטעל: דיזע פּאַרטיי האָט זיך שפּעטער אנגערופֿען „נאַראָדנאַיא וואָליאַ“, נאָך דעם נאָמען פֿון איהר ציטונג (נאַראָדנאַיא וואָליאַ, No 1 פֿון אָקטאָבער 1879); פֿון ווינטער 1880 ביז 1881 האָט זי אויך אַרויסגעגעבען די „אַרבייטערציטונג“. די צווייטע פּאַרטיי—אַ סאָציאַליסטישע, איהר קאַמפּפֿס-מיטעל איז די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע, אהיר אָרגאַניזאַציע אַ פֿעדעראַליסטישע; איהרע מיטגליעדער האָבען זיך גערופֿען נאָך׳ן נאָמען פֿון איהר ציטונג „טשאָרני-פּערעדיעל“ (שוואַרצע אומטיי-

לונג) פֿון וועלכער דער ערשטער נומער איז אַרויס אין יאַנואַר 1880, „טשאָרניפערעדיעלעס" אָדער אויך נאַראָדניקעס. פֿון יולי 1881 האָט זי אויך אַרויסגעגעבן אַ צייטונג פֿאַר אַרבייטער „זערנאָ". ביידע פֿאַר־טייען האָבען זיך זעהר פֿריינדליך פֿאַנאַנדערגעטיילט. זיי האָבען צוגע־זאָגט אויסצוהעלפען איינע די אַנדערע מיט זייערע דרוקערייען, אונטער שטיצען מיט געלדמיטלען, צו העלפֿען ביי הריגות פֿון שפּיאָנען און ביי דער בעפֿרייאונג פֿון אַרעסטירטע חברים. אַזוי האָט עס טאַקי שפּעטער אויך פּאַסירט. למשל ווען דער שפּיאָן זשאַרקאָוו האָט אַרויסגעגעבן די דרוקעריי פֿון די נאַראָדניקעס, האָבען די טעראָריסטען איהם געטויטעט. די נאַראָדניקעס האָבען דערווייַלע געדרוקט זייער צייטונג אין דער דרוקעריי פֿון די טעראָריסטען.

אַם 26־טען אויגוסט האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט „פֿער'משפּט צום טויט" דעם צאַר, וועלכער ס'איז אַוועק אין יענער צייט נאָך קרים אין ליוואַדיע. דער גאַנצער פּלאַן פֿון דער הריגה איז שוין געווען פֿאַרטיג.

---

# VII. דער טעראָריזם.

(1879 ווייט)

די גאַנצע געוואַלדיגע אומענדערונג אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג האָט ניט פֿערנומען מיט איין מאָל און האָט ניט פֿערכאַפּט מיט דער גלייכער קראַפֿט די פֿערשידענע חברות און איינצעלנע מענשען פֿון שטאָדט און פֿון דאָרף. ניט אַזוי גרינג האָט מען ביי זיך פּועל געווען אָבזואָגען זיך פֿון דעם ענדציעל, פֿון דעם סאָציאַליזם צוליב די נאָהענטע ציעלען פֿון פּאָליטיק, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין דירעקטע שייכות צו די עקאָנאָמישע פֿראַגען. ניט גרינג האָט מען פֿערלאָזען דעם וועג פֿון דער לפי ערך פֿרידליכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, כדי צו פֿערנעהמען זיך מיט הריגות און אַנדערע פֿערברעכענס. ניט לייכט איז געווען אָבזוגעגנען זיך מיט די זעלבסטשטענדיגע רעיונות, וועלכע עס האָבען אונבעשרענקט געהערשט אין די קליינע חברות, ניט לייכט איז געווען צו בויגען דעם שטאָלצען נאַקען פֿאַר דעם אַווטאָריטעט פֿון אַ קאָמיטעט, וועמענס כונות מען האָט אפילו ניט געוואוסט פֿאָלשטענדיג. דיזער פּסיכאָלאָגישער און מאָראַלישער פּראָצעס האָט געדויערט 2 יאָהר, ביי דעם גרעסטען טייל נאָך מעהר, ביז ער איז צייטיג געוואָרען. די נייע אידעען האָבען קודם כל פֿערכאַפּט די היטציגע און אונגעדולדיגע, ענערגישע און פֿערצווייפֿעלטע מענשען, בעת דאָס רוב רעוואָלוציאָנערען זיינען געשטאַנען אויף'ן מיטען וועג צווישען דער פֿרידליכער פּראָפּאַגאַנדע און טעראָריסטישע אַקטען, און אַקוראַט ווי סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ האָבען זיי מסכים געווען מיט דער פֿאָלקספּאַרטיי אין דעם פּרט, אַז מען דאַרף זיך ניט אָבזאָגען פֿון צו אַרבייטען צווישען פֿאָלק, אָבער צו גלייכער צייט האָבען זיי געפֿאָדערט צו הרג'ענען אַלעקסאַנדר דעם צווייטען, כדי נוקם צו זיין זיך אָן איהם. ביידע פּאַרטייען מוזען עקסיסטירען, ביידע פּאַרטייען מוזען צו גלייכער צייט אַרבייטען, איין פּאַרטיי מוז ממלא זיין דעם חסרון פֿון דער אַנדערער. דיזע עלעמענטען, וועלכע עס האָבען זיך געשלאָגען מיט דער דעה, האָבען ניט דערלאָזען אָפֿען פֿאַנאַנדערצורייסען די פּאַרטיי, האָבען אַ היבשע צייט פֿערבאָרגען די מחלוקת, כדי ניט אַרויסצואַווייזען, אַז מען האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צום פּאָליטישען קאַמפּף, אַז מען האָט ווידער אויפֿגענומען די טאַקטיק פֿון די אויסגעלאַכטע יאַקאָבינער און פֿון די ליבעראַלע בורזשואַ. דער ערפֿאָלג און די גרעסערע מאַכט פֿון די טעראָריסטען האָבען שפּעטער אין גאַנצען גובר געווען דיזע עלעמענטען און זיי זיינען פֿאָלקאָמען אַריבער אויף זייער צד.

דיזע רעוואָלוציאָניזירונג פֿון דעם געמיטה האָט נאַטירליך געמוזט פֿיהרען דערצו, אַז מען האָט זיך גענומען, ווי געהעריג איז, אַרומריידען אַלע פֿראַגען פֿון דער בעוועגונג און דאָ האָט מען זיך באַלד געכאַפּט, אַז עס פֿעהלט דער הויפּט מיטעל, דורך וועלכען מען וואָלט זיך געקענט אָבגעבען אַ קלאָרען חשבון, אַז עס פֿעהלט אַ גוט אָרגאַניזירטע פּרעסע. מען האָט אמת געפֿיהרט אַ סך וכוחים צווישען זיך, עס זיינען אַרומגעגאַנגען פֿון האַנד צו האַנד פֿערשידענע כתבים, אָבער דאָס איז נאָך געווען וועניג, אפילו פֿאַר די פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע עס האָבען געוואָהנט אין די דערפֿער. עס איז קיין חידוש ניט, וואָס

עס האָט געפעלט אַ רעכטע ליטעראַטור און וואָס דער רוסישער רע-
וואָלוציאָנער האָט ניט געקענט ממלא זיין די חסרונות פון זיין בילדונג.
שוין אין די יונגע יאָהרען איז דער רעוואָלוציאָנער געשטאַנען אונטערן
פייער פון די פּאָליציייאישע רדיפות און גאַנץ אָפט האָט ער ניט געהאַט
קיין צימער, וועלכען ער זאָל קענען רעכענען פאַר זיינעם. מאָנאַטען,
יאָהרען-לאַנג האָט ער ניט געהאַט קיין בעשטימטען מקום מנוחה. אין
דערפריה האָט ער ניט געוואוסט, וואו ער וועט בייגאַכט צושפּאַרען
דעם קאָפּ. ביי אַזיינע בעדינגונגען איז שווער געווען אָבצוגעבען זיך
מיט גייסטיגער אַרבייט. אַ חוץ דעם — פון וואַנען האָט ער געקענט
קריגען ביכער? און פונדעסטוועגען האָבען די סאָציאַליסטען פערשטאַ-
נען, אַז דער ערפאָלג פון זייער פּראָפּאַגאַנדע ווענדעט זיך אָן די
קענטעניסען פון די אַגיטאַטאָרען. דערפאַר האָט מען געמוזט האָבען אַ
ליטעראַטור ווי פאַר זיך אַליין אַזוי אויך פאַר'ן פאָלק.

דערווייל האָט די פּרעסע צו יענער צייט פערנומען אַ קליינעם
אָרט צווישען די פערשיעדענע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטען. אָבער, ווי
עס בעמערקט גאַנץ ריכטיג דער צירקוליאַר וועגען דער אויסגאַבע פון
אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער ביבליאָטהעק, טאָר קיין פּאַרטיי ניט איגנאָ-
רירען די טעאָריע, אַז ניט וועט זי געווים ליידען דערפון. און אַזוי
ווי מען האָט געמוזט מודה זיין, אַז דענסמאָל האָבען געהערשט די
אייגענע אונקלאָרע אידעען, ווי צו דער צייט, ווען די בעוועגונג האָט
זיך אָנגעהויבען, אַז די ליטעראַטור קען ניט בעפרידיגען די העכערע
פאָדערונגען פון דעם אינטעליגענטען לעזער, האָט מען בעשלאָסען
אַרויסצוגעבען אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע ביבליאָטהעק אונטער דער
רעדאַקציע פון פּ. לאַווראָוו, האַרטמאַן און מאָראָזאָוו. די
אויסגאַבען פון דיזער רעדאַקציע זיינען געווען זעהר קנאַפּע; פאַר
דריי יאָהר צייט האָט זי אַרויסגעגעבען דריי בראָשיורען, דערינען צוויי
איבערזעצונגען: שעפפעל'ס קווינטעסעניץ (תוכן) פון דעם סאָציאַליזם
(מיט קריטישע הגהות פון לאַווראָוו און טאַרנאָווסקי) און מאַרקס קאָ-
מוניסטישער מאַניפעסט, אַ חוץ דעם אַ בראָשיורע וועגען דער פּאַריזער
קאָמונע פון לאַווראָוו'ן. די טעאָרעטיקער פון די טעגליכע פראַגען זיינען
פון טעראָריסטישען שטאַנדפּונקט געווען מאָראָזאָוו און טאַרנאַווסקי,
פון שטאַנדפּונקט פון די נאַראָדניקעס — י. סטעפּאַנאָוויטש און באָריסאָוו
(זייערע שריפטען זיינען אַרויס אין 80—1881). דער „נאַבאַט", וועלכער
איז צו יענער צייט אַרויסגעגאַנגען אין זשענעוו, האָט זיך ערקלערט
פאַר סאָלידאַריש מיט דער אָנפיהרענדער פּאַרטיי פון דער רוסישער
רעוואָלוציע. אָבער די אָפיציעלע אָרגאַנען פון דיביידע פּאַרטייען זיי-
נען געווען די אויבענדערמאָהנטע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און דער
„טשאָרני פּערעדיעל", אויסער דעם זיינען אין 80—1881 אַרויס אַ סך
פּראָגראַמען און פּראָקלאַמאַציעס. עס איז אייגענטליך שווער צו זאָגען,
ווער עס איז געווען דער מחבר פון זיי, מחמת דאָס רוב פון זיי זיינען
אַרויס אָן אונטערשריפטען. און אפילו ווען זיי פלעגען אַרויסגעהן אים
נאָמען פון אַ געוויסער פּאַרטיי אָדער אפילו אים נאָמען פון דער גאַנ-
צער פעראייניגטער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, האָבען זיי דאָך
אָבער סותר געווען איינע די אַנדערע. אָפט האָבען געאַרבייט און גע-
שריבען איינצעלנע רעוואָלוציאָנערען אויף זייער אייגענע אחריות; פלעגט
מען אַ פרעג טהאָן וועגען דעם אָדער יענעם מחבר, פלעגט מען אָפט
בעקומען דיזען ענטפער: אַ, פון איהם איז ניטאָ שטאַרק וואָס צו
האַלטען. אפילו די פּראָקלאַמאַציעס פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער
„נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" פלעגען אויך ניט שטענדיג אויסנעהמען ביי אַלע
פּאַרטיי גענאָסען, און עס איז אפילו פאָרגעקומען, אַז מען האָט זיך

געמוזט אָבטרייסלען פֿון די אייגענע פּראָקלאַמאַציעס, ווי עס איז געווען צ. ב. מיט די פּראָקלאַמאַציעס וועגן די אידישע פּאָגראָמען אין דרום-רוסלאַנד. י. סטעפּאַנאָוויטש איז געווען ניט אונגערעכט, זאָגענדיג, אַז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז אַ תוהו ובוהו, און עס איז שווער צו געפֿינען אין איהר אַ וועלכען עס איז סדר, אַ וועלכע עס איז געזעצמעסיגקייט. עס איז דעריבער זעהר שווער פֿאַר אַ אויסווייניגטען מענשען צו כאַראַקטעריזירען די אַנזיכטען פֿון די פּאַרטייען, וועלכע זיינען אַזוי ווייניג גענוי פֿאָרמולירט און האָבען אין זיך אַזוינע פֿערשידענע קאָליטערן. איך וועל זיך פֿונדעסטוועגען פּרובען — מען זאָל אָבער צו מיר קיין איבריגע טענות ניט האָבען — אַרומצושרייבען די ציעלען, מיטלען און אָרגאַניזאַציאָנס פֿראַגען פֿריהער פֿון דער טעראָריסטישער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און דערנאָך פֿון דער אַגיטאַטאָרישער פּאַרטיי „טשאָרני פּערעדיעל".

די טעראָריסטען, ווי איך האָב שוין בעמערקט, האָבען איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אָבגעלייקענט די מעגליכקייט צו פֿיהרען אַ פֿרידליכע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע פֿאַר דעם סאָציאַליזם; דערצו פֿעהלען די נויטיגע בעדינגונגען: די בעוואָרענים פֿון פֿערזענליכער אונבערירבאַרקייט און די פֿרייהייט אָפֿען אַרויסצוזאָגען די מיינונגען; דעריבער מוזען קודם כל דערשלאָגען זיך צו פּאָליטישע רעכטען, און אין דיזען פּונקט טרעפֿען זיך די סאָציאַליסטען צוזאַמען מיט די ליבעראַלען. ווייטער — אַזוי האָבען זיי געמיינט — קען מען אין רוסלאַנד ניט ריידען פֿון אַ קלאַסענקאַמפּף אויף'ן מערב-אייראָפּייאישען שטייגער. ניט קוקענדיג, וואָס די רעגירונג האָט געלייגט דערויף אַ סך טרחה, איז דער אַדעל דאָך ניט געוואָרען אַ שאַרף אָבגעזונדערטער קלאַס; די בורזשואַזיע איז שוואַך ענטוויקעלט; זיי ביידע, דער אַדעל און די בורזשואַזיע, שטעהען נאָך ניט אויף דער מדרגה פֿון פֿאָלשטענדיגע סאָציאַלע קלאַסען, און וועגען אַ קאַמפּף צווישען אַרבייט און קאַפּיטאַל ווי אין מערב אייראָפּאַ קען קיין רייד ניט זיין. די גרעסטע מאַכט, אַפילו אויך אין סאָציאַלען און עקאָנאָמישען פּרט, איז די רעגירונג; איהר מאַכט בעקומט זי דורך איהר אייגענעם פֿערמעגען פֿון ערד, דורך איהרע אונטערנעמונגען, בעאַמטע און משולחים, ווי אויך דורך די געזעצליכע שטיצע, וועלכע זי גיט די פּריווילעגירטע קלאַסען, דורך גרענעץ-אָבצאָלונגען, הלואות, סובסידיעס א. אַז. וו. דיזע מאַכט פֿון דער רעגירונג און די בעאַמטע איז בנגוע צו די בויערן נאָך שטאַרקער געוואָרען דורך דעם, וואָס אַלע נאַלאָגען און פּאָדאַטקעס, וועלכע פֿלעגען פֿריהער געצאָהלט ווערען די פּריצים, זיינען איבערגעגאַנגען פֿון 1861-טען יאָהר אין קאַזנאַ. דערמיט איז אויך אַריבערגעטראָגען געוואָרען אויף דער רעגירונג דער עקאָנאָמישער היפּוך, וועלכער עס איז פֿריהער געווען צווישען דעם בויער און פּריץ. וויל מען פֿערקלענערן די פּאָדאַטקעס, פֿערגרעסערן די חלקים ערד, פֿערברייטערן די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די קהלות, מוז מען האָבען אַ'ן עסק מיט דער רעגירונג און מיט איהרע בעאַמטע. אויף אַזאַ אופֿן קומט אויס, אַז אַפילו די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע בעפֿרייאונג פֿון פֿאָלק פֿיהרט ווידער צום קאַמפּף געגען דער רעגירונג. דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאַמפּף זיינען דאָ צונויפֿגעפֿלאָכטען אין איינעם, און ווען מען זאָל בייקומען די רעגירונג, וועט מען זיך דערמיט אויך פֿערוואָרענען, אַז די בורזשואַזיע זאָל ניט ווערען שטאַרקער. די אינטעליגענץ, די אַרבייטער און די בויערן — נור זיי זיינען, נאָך דער מיינונג פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", די איינציגע לעבעדיגע קרעפֿטען אין פֿאָלק און זיי מוזען האָבען אַ פֿערטרעטונג אין דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג. כדי דאָס זאָל קענען מקוים ווערען, מוז

די רעגירונג געבען ביי די וואַהלען פֿאָלשטענדיגע רעדע-פֿרייהייט, פֿרייהייט פֿון פֿערזאַמלונגען און פֿעראייִנען; די קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג איז מחויב אַרויסצוגעבען געזעצען, וועלכע פֿערוואָרענען די פּאָליטישע רעכטען.

אַזעלכע טענות און פֿאָדערונגען וועלען געוויס אויסנעהמען ביים מערב-אייראָפּייאישען לעזער און אין זיי ליגט טאַקי ביז צו אַ געוויסען גראַד יושר און גערעכטיגקייט. אָבער מען דאַרף קיין טעות ניט האָבען און מיינען, אַז פֿאַר די טעראָריסטען איז די פּאָליטישע פֿרייהייט געווען זייער ענדציעל, די נייע טאַקטיק פֿון די „נאַראָדאָוואָלצעס" איז משמעות אויסען געווען צו איבערצייגען דעם אויסלענדישען עולם דורך סטעפּניאַקס און קראָפּאָטקין׳ס חבורים, וועלכע זיינען געשריבען אויף ענגליש און איטאַליעניש, אַז די רעוואָלוציאָנערע בעשטרעבונגען אין רוסלאַנד טראָגען דער עקר אַ פּאָליטישען און דעריבער אויך לפי-ערך אַ אונשולדיגען כאַראַקטער. אויך די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זיינען אַרויס נאָך אַלעקסאַנדר דעם 2-טען׳ס טויט, סטאַרען זיך איינצושמועסען דעם עולם, אַז די פּאַרטיי האָט בדעה ניט מעהר ווי צו דערגרייכען אַ קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג און פּאָליטישע פֿרייהייט, פֿעוקלענערונג פֿון די פּאָדאַטקעס, פֿערגרעסערונג פֿון די הקים ערד און פֿערברייטערונג פֿון דער זעלבסטפֿערוואַלטונג; דערביי זאָגען צו די טעראָריסטען פֿון זייער זייט אויפֿהערען „צו פֿער׳משפּט׳ען צום טויט" און פֿאַלגען די בעשליסע פֿון דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג. אָבער עס איז ניט ריכטיג, די דערגרייכונג פֿון פּאָליטישער פֿרייהייט איז פֿאַר זיי געווען נור דער נאָהענטסטער ציעל; ווי מען וועט איהר נור בעקומען, ד. ה., ווי עס וועט נור מעגליך ווערען צו פֿיהרען די פּאָליטישע אַגיטאַציע, דענסטמאָל האָט זיך ערשט געדאַרפֿט אָנהויבען די סדרה פֿון סאָציאַליזם. אָבלייגען הייסט נאָך ניט אָבשאַפֿען, נאָך דער פּאָליטישער זאָל פֿאָרקומען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וועלכע זאָל ברייִנגען אַ נייע אָרדנונג, אַ׳ן אָרדנונג, אין וועלכער עס הערשט פֿרייהייט און גערעכטיגקייט.

מיט וועלכע מיטלען דאַרף מען זיך דערשלאָגען פּאָליטישע פֿרייהייט? צו גרינדען אַ פֿאָלקספּאַרטיי אויף׳ן פֿריעדליכען וועג איז נאָך דער מיינונג פֿון די טעראָריסטען אונמעגליך; מען פּטר׳ט נאָר דערביי אומזיסט די קרעפֿטען און „ווי אַ פֿיש אָן אייז" וועט מען זיך אַרויסשלאָגען פֿון די כחות אין קאַמפּף מיט דער פּאָליציי, וועלכע קוקט מיטביידע אויגען. מען מוז זיך דעריבער אָבזאָגען פֿון די דייטשע רעוואָלוציאָנס-פֿאָרמען און נעהמען זיך פֿאַר׳ן טעראָר, וועלכער עס דאַרף אָנגעווענדעט ווערען געגען דעם קיסר און זיינע וויכטיגסטע מיטהעלפֿער, כדי צו דערשלאָגען זיך דערמיט וועלכע עס איז הנחות. ביי איצטיגע רוסישע בעדינגונגען, ווען אַלע איבעריגע מיטלען ברענגען קיין שום פּעולה ניט, מעג מען בפֿורש אָנווענדען הריגות און דער פּחד, וועלכען זיי וואַרפֿען אויף דער רעגירונג, איז דער בעסטער קאַמפּפֿס מיטעל.

אַזוי האָבען גערעכענט די פֿיהרער און די קלערערע קעפּ פֿון דער פּאַרטיי. היציגע נאַטורען ווי טאַרנאָווסקי און מאָראָזאָוו זיינען געגאַנגען ווייטער. די טעראָריסטישע פּראַקטיק פֿון רוסלאַנד האָבען זיי ערקלערט פֿאַר אַ סיסטעם און פֿאַר אַ נייען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּפֿס מיטעל, וועלכען מען דאַרף אומעטום אָנווענדען. ביי די ביז איצטיגע מאַסענבעוועגונגען, האָבען זיי געזאָגט, איז נאָר דאָס פֿאָלק אויסגעריסען געוואָרען, אויף אַ האָר ניט פֿערבעסערענדיג זיין עקאָנאָמישע לאַגע, און די וויוקליך-שולדיגע טיראַנען פֿלעגען אַרויס גאָר טרוקען. די יוגענד מוז דעריבער פֿיהרען דעם קאַמפּף פֿאַר פֿרייהייט דורך הריגות פֿון אַזעלכע לייט, וועלכע עס האָבען עס כשר פֿערדיענט. די-

זײַ געהײמע הריגות דאַרפֿען װערען טראַדיציאָנעל, דאַרפֿען אַרײַן אין אַ דרך הטבע און אַזעלכע לײַט, װעלכע עס יאָגען זיך נאָך כבוד, װי למשל נאַפּאָלעאָן דער III און ביסמאַרק, מוז מען פּטר׳ען גלײַך בײַם אָנפֿאַנג פֿון זײַער טהעטיגקײט; עס איז דערבײַ גאַנץ גלײַך װי זײ האָבען דערגרײכט צו זײַער הערשאַפֿט, דורך אַ פּלעבעסציט אָדער דורך דער אַרמעע. װי נאָר דער דעספּאָטיזם הױבט אָן װיעדער אָבצולעבען, מוז אױך דער טעראָר אַרױסשװימען און דער רעיון װעגען איהם דאַרף אײביג לעבען אין די פֿאָלקסמאַסען. יעדער מענש האָט דאָס רעכט צו הרג׳ענען אַ טיראַן און דיזען רעכט קען דאָס פֿאָלק בײַ קײן בירגער ניט אָבנעהמען. דיזע שרעקליכע װערטער פֿון סט-יוסט מוזען װערען דער לאָזונג פֿון די טעראָריסטען. װי אַזױ מאָראָזאָװ איז דערגאַנגען צו אַזאַ טעאָריע איז גאַנץ לײַכט צו פֿערשטעהן. עס ליעגט אין דער טבע פֿון יעדער בעװעגונג צו ענטװיקלען איהרע גרונדפּרינציפּען, װעניגסטענס טעאָרעטיש, ביז דעם װײַטערסטען גראַד. און דערגרײבענדיג צום העכסטען פּונקט פֿון דעם גאַנצען לאָגישען סיסטעם, הױבט מען ערשט אָן אַרומצוקוקען און צו בעטראַכטען, װי װײַט עס איז ריכטיג דער גאַנצער בנין. אַזױ איז עס אױך מיט דיזער פֿראַגע געשעהען. מאָראָזאָװ האָט אין דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט קײן אָבקלאַנג ניט געפֿונען צו זײַן טעאָריע. דער קאָמיטעט האָט זיך אָבגעזאָגט צו דרוקען זײַן בראָשיורע; דאַן איז דער מחבר אַרױס פֿון קאָמיטעט און איז אַװעק אין זשענעװ, װאו ער האָט אַרױסגעלאָזען זײַן חבור.

דאָ האָבען זיך מאָראָזאָװ און טאַרנאָװסקי צונױפֿגעגאַנגען מיט דעם אַלטען טעאָרעטיקער פֿון הריגות — טקאַטשאָװ. טקאַטשאָװ איז העכסט צופֿרידען געװען מיט דעם נײעם קורס פֿון דער רעװאָלוציאָנערער בעװעגונג אין רוסלאַנד; שױן פֿון יאָהר׳ען לאַנג האָט ער זיך געהאַלטען פֿאַר אַ בלאַנקיסט און אַ יאַקאָבינער. איצטער, הײסט עס, איז געקומען זײַן צײַט. אין דער אמת׳ן האָט עס אָבער בלױז אַזױ אױסגעזעהען. אַזױ װי ער האָט מסכים געװען מיט מאָראָזאָװען און האָט אױך געזעהען אין דעם טעראָר אַ׳ן אַלגעמײנעם קאַמפּף-מיטעל, װאָס מען דאַרף אומעטום אָנװענדען, איז ער זיך דערמיט גופא פֿאַנאַנדערגעגאַנגען מיט דער אָפֿיציעלער לעהרע פֿון דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט, װעלכער עס האָט די הריגות גערעכענט פֿאַר אַ פּאָליטישען קאַמפּף-מיטעל נאָר בײַ די ספּעציפֿישע רוסישע בעדינגונגען. דערװײַלע האָט טקאַטשאָװ בעשלאָסען אױפֿצוריכטען זײַן „נאַבאַט“ און זײַנער אַ רײַכער פֿרײַנד טורסקי, װעלכער עס האָט אַ מאָל אונטער דעם פּסעװדאָנים אַמאַרי אַרױסגעלאָזען אַ בראָשיורע, האָט איהם פֿאָרגעלײגט געלד צו דיזען צװעק. אין הערבסט 1880 האָט טקאַטשאָװ אַריבערגעפֿיהרט זײַן דרוקערײ אין פּעטערבורג, נאָר באַלד נאָך איהר אָנקומען האָט מען איהר דאָרט אַרעסטירט. סך הכל האָט טקאַטשאָװ געהאַט אין רוסלאַנד קײם אַ צעהנדליג אָנהײנגער. אין װינטער 1882 איז ער קראַנק געװאָרען און מען האָט איהם אַװעקגעגעבען אין אַ משגעים-הױז. די אָנגענומענערע מענשען פֿון דער פּאַרטײ האָבען זיך ערקלערט געגען מאָראָזאָװס טעאָריע *. אַלײן מאָראָזאָװ איז געװען אַ קנאַפּער טעראָריסט. (אין דעם פּראָצעס פֿון 20 — טריגאָני-פּראָצעס — האָט מען איהם „בעגנאַדיגט“ מיט 20 יאָהר קאַטאָרגע). נאָך די

* סוכאַנאָװ און איסאַיעװ אין זײערע רעדען אויף׳ן פּראָצעס פֿון טריגאָני-סוכאַנאָװ. — פּראָקלאַמאַציעס פֿון עקזעקוטיװ קאָמיטעט. — זשעליאַבאָװ.

אָפיציעלע ערקלערונגען פון די טעראָריסטען איז דער קיסר-מאָרד אַ קאַמפּף-מיטעל, וועלכער עס איז גילטיג נאָר ביי די ספּעציפישע רוסישע בעדינגונגען; לכתחילה האָבען די רעוואָלוציאָנערען וועגען דעם ניט געקלערט, נאָר זיי זיינען געצוואונגען געווען צו נעהמען זיך פאַר דיזען איינציגען מיטעל, וועלכער עס קען נאָר אַליין ברענגען אַ פעולה אין דעם קאַמפף געגען דער שרעקליכער אכזריות פון דער רעגירונג. די צייטונג „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (No 8-7) האָט דעריבער נאָך דעם אַטענטאַט אויף גאַרפיעלד אויסגעדריקט איהר מיטלייד מיט דעם אַמעריקאַנישען פאָלק, ווייל זי רעכענט, אַז געוואַלד דאַרף מען אָנווענדען נאָר געגען געוואַלד און אין אַ פרייער לאַנד מוז מען געפינען אַנדערע קאַמפּף-מיטלען.

אים פערגלייך צו די הריגות האָבען די אַנדערע קאַמפּף מיטלען פון די נאַראָדאָוואָלצעס געגען דער רעגירונג און איהרע בעאַמטע קיין גרויסע בעדייטונג ניט געהאַט. איך מיין דאָ די פערשאַפונג פון געלד-מיטלען דורך גנבות און רמאות. דערפאַר האָבען זיך געזאָלט נעהמען נאָר איינצעלנע פערזאָנען אָדער גרופּען; דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט ניט געטראָגען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיי. מען האָט זיך געפּרואווט צו בע'גנב'ענען די קישינעווער קאַזנאַטשייסטוואָ, אָבער עס האָט ניט אָבגעגאָלטען*. נאָך דער אָבגעגאָלטענער גנבה אין כערסאָן האָט מען דאָס געלד (איבער אַ מיליאָן רובל) געפונען אין אַ פאָר טעג אַרום גאָר ניט געריהרטערהייט. איינער אַ קליינרוסישער פאָלקס-פריינד האָט זיך געסטאַרעט צו בע'גנב'ענען די פּאָסט. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט ערקלערט, אַז ער קען נאָר מרוצה ווערען מיט דער „קאָנפיסקאַציע" פון קאַפּיטאַלען, וואָס געהערען דער מלוכה, אָבער ניט מיט גניבות ביי יחידים און ביי צדקה-חברות. ער האָט פּראָטעסטירט געגען דער בעשולדיגונג, אַז די 300,000 רובל פון דעם מאָסקווער ערציהונגס-הויז האָבען צוגענומען זיינע אַגענטען. דאָס איז אָבער שלעכט, וואָס די געזעלשאַפט קען קיין מאָל ניט וויסען, וועלכע בערויבונגען דאַרף זי בעטראַכטען אַלס אַ „קאָנפיסקאַציע" פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, אָדער אַלס „גניבות" פון פּריוואַטע רעוואָלוציאָנערען, אָדער גאָר פון פרעמדע מענשען, וועלכע עס טהוען אויף זיך אָן אַ מאַסקע פון אַ רעוואָלוציאָנער. די געהיימע מאַכט קען ניט אַראָבוואַרפען פון זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר איהרע מעשים; זי מוז אָבגעבען דין וחשבון דער געזעלשאַפטליכער מיינונג ווי אויך דער געשיכטע, און עס וואָלט געווען רעכט גוט, ווען דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט וואָלט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזען בעריכטען וועגען דעם, וועלכע „בעשטראָפונגען און קאָנפיסקאַציאָנען" זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען דורך זיינע אַגענטען.

ווי באַלד דער ציעל איז געוואָרען צו ערקעמפען פּאָליטישע פרייהייט און פאַר אַ מיטעל דערצו האָט מען אויסגעקליבען דעם טעראָר, איז אָהן אַ תירוץ נויטיג געוואָרען צו בעשאַפען אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע מיט אַ שטאַרקער דיסציפּלין און אַ שטרענגער קאָנספּיראַציע. די ערשטע הריגות האָבען נאָך געשטאַמט פון קליינע גרופּען. ווי באַלד מען האָט אָבער געוואָלט געהן ווייטער און גערעכענט צו פּטר'ן דעם

---

* פראָלענקאָ, לעבעדיעוואַ און ליססאָווסקאַיאַ (די לעצטע אַלס קעכין) האָבען זיך בעזעצט אין האָטעל „שווייץ" און פון דאָרטען האָבען זיי אָנגעהויבען גראָבען אַ הייל אונטער דער ערד צום הויז פון קאַזנאַטשייסטוואָ. נאָך דיזען פערזוך „צו קאָנפיסקירען די פּאַפּירען פון דער מלוכה" האָט מען אין יאַנואַר 1881-טען יאָהר ענטדעקט.

קיסר מיט זיינע העכערע בעאַמטע, האָט מען געמוזט טראַכטען וועגען אַ סיסטעמאַטישער טהעטיגקייט און מען האָט געדאַרפט האָבען אין רשות גרעסערע געלדמיטלען. דעריבער האָט מען געמוזט צושיידען זיך מיט דעם פעדעראַליסטישען פרינציפּ פון דעם אַנאַרכיסטישען אינטערנאַציאָנאַליזם און אומקעהרען זיך צוריק צו דער יאַקאָבינער צענטראַליזאַציע פון 1792-1793-טע יאָהרען. גאָר ניט לאַנג האָבען די זעלבע רעוואָלוציאָנערען פערגעטערט דעם פעדעראַליזם און האָבען אָבגעלאַכט פון די „פערעלטערטע פאָרמען“ און פערוואָרפען מיט קייט די יאַקאָבינער, וועלכע עס האָבען שוין אפילו מעהר ניט געוואַגט אַרויסזאָגען זייער מיינונג. און אין אַ קורצער צייט אַרום האָבען זיך ווידער די זעלבע רעוואָלוציאָנערען אין גאַנצען אונטערגעגעבען דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, האָבען געפאָלגט אַלץ וואָס ער האָט געהייסען און האָבען ניט געהאַט די העזה ניט נאָר אָבזאָגען זיך פון זיינע בעפעהלען, נאָר אפילו זיי צו בעטראַכטען! און אויף דיזען עקזעקוטיוו קאָמיטעט גופא זיינען זיינע געגנער פון אָנהויב זעהר העפטיג אָנגעפאַלען און האָבען פון איהם געמאַכט חוק. יאַקאָוו סטעפאַנאָוויטש האָט נאָך אין 1880 יאָהר געשריבען וועגען איהם, אַז דער קאָמיטעט, וועלכער ס'האָט זיך ווער ווייס פון וואַנען גענומען, וויל פלוצלונג בעקומען די גאַנצע דעה איבער אַלעמען; ביי אַזאַ סיסטעם קענען פעהיגע מענשען, וואָס יאָגען זיך נאָך כבוד, אויף אַ קורצער צייט דערגרייכען צו אַ בעדייטענדען איינפלוס; נאָר זאָל עס לאַנג געדויערען, קען דיזעס סיסטעם קיין גוטס ניט ברייגען, און אפילו ביי דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע קענען דאַן אויך, ווי אין פראַנקרייך, אָבגעטהאָן ווערען ניט גאָר פיינע מעשים. און דאָך האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דיזער קאָמיטעט איז געוואָרען אַ רעאַלע מאַכט מיט אַ מורא'דיג גרויסען איינפלוס, וועלכע עס האָט זיך געציעלט אויפהויבען איהרע הריגות ביז צו דער מדרגה פון אַ גזר-דין, אַ'ן עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וואָס איז בעשטאַנען פון קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און טעראָריסטען, האָט שוין אין פריהלינג פון 1879-טען יאָהר עקסיסטירט; ער איז בעשטאַנען ניט נאָר פון מיטגליעדער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ“, נאָר אויך פון אַנדערע חברות. ווען עס האָט זיך געבילדעט אויף'ן ליפעצקער צוזאַמענפאָהר די טעראָריסטישע פאַרטיי, האָט מען אויסגעקליבען פאַר איהרע פיהרער, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, טיכאָמיראָוו, פראָלענקאָ און אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו. דיזער קאָמיטעט האָט געהאַט אַ סך אַגענטען און משולחים, וועלכע זיינען געווען צוטיילט בנוגע צו דעם צוטרוי צו זיי אין דריי קלאַסען*. די אַגענטען פון דעם העכערען, דריטען קלאַס זיינען, ווי עס ווייזט אויס, צו גלייכער צייט אויך געווען מיטגליעדער פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט; דיזע אַגענטען האָבען אויף זייער אייגענע אחריות צוגענומען צו זיך מיטהעלפער, וועלכע זיי פלעגען פערווענדען צוליעב זייערע צוועקען. אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט ערשטענס זיכער געמאַכט, אַז אַלע אונטערגעהמונגען וועלען בלייבען בסוד — און טאַקי קיין איינציגען פון די אַטענטאַטען אויף אַלעקסאַנדר דעם II-טען האָט מען ניט אַרויסגעגעבען — און, צווייטענס, אַז עס זאָל אָבגעהיט ווערען אַ שטרענגע דיסציפּלין, וועלכער עס האָבען זיך מיט דער צייט אונטערגעגעבען אַלע מיטגליעדער פון דער פאַרטיי. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט דורך זיינע ערפאָלגען געקראָגען אַ גרויסען שם, האָט צוגעצויגען אַ סך אַנהענגער און האָט בעקומען זעהר רייכע געלדמיטלען. ער האָט דעריבער געהאַט

---

* אַזוי האָט אָנגעגעבען גאָלדענבערג. אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו און קוויאַטקאָווסקי האָבען עס אָבער אויף'ן פּראָצעס אָבגעלייקענט.

די מעגליכקייט איינצופֿיהרען ביי זיך אַ געהעריגע אַרבייטס-צערטיילונג, און פֿערגלייך צו די פֿריהערדיגע קליינע חברות האָט דער קאָמיטעט זיך געקענט בענוצען מיט אַלע מעלות פֿון דעם גרויסבעטריעב.

ביי דיזער צענטראַליזירונג פֿון די רעוואָלוציאָנערע קרעפֿטען אין עקזעקוטיוו קאָמיטעט איז מען ניט געבליבען שטעהן; מען האָט זיך ווייטער אויך געסטאַרעט צונויפֿזאַמלען די קרעפֿטען אין אַזעלכע פֿונקטען, וואו יעדער טריט זאָל בריינגען נעהענטער צום ציעל, ד. ה., אין די רעגירונגס-צענטרען און די אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט האָט מען אָנגעווענדעט נאָר אויף אזעלכע עלעמענטען פֿון דער בעפֿעלקערונג, וועלכע עס קענען נעהמען אַ דירעקטען אַנטייל אין דער רעוואָלוציע. דאָס האָט מען געהאַלטען פֿאַר נויטיג, ווייל אָהן אַ מרידה אין די אַדמיניסטראַטיווע און אינדוסטריעלע צענטרען וואָלט די רעגירונג גלייך אויף׳ן שטעל געקענט דערשטיקען יעדער בעוועגונג אין דאָרף אָדער אין די גרענצלענדער פֿון רוסלאַנד און זי וואָלט קיין שום ממשות פֿאַר דער פֿאָלקס-בעפֿרייאונג ניט געהאַט. און אין דעם פּרט ווערט די לאַגע אַלץ ערגער, וואָס גרעסער עס ווערען די טעכנישע הילפֿסמיטלען, ווי אייזענבאַהנען און טעלעגראַפֿען, מיט וועלכע די רעגירונג קען זיך בענוצען. אַ חוץ דעם האָט די אָרגאַניזאַציע פֿון די בויערן דירעקט קיין שייכות ניט געהאַט צו דעם פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט זיך געדאַרפֿט ווענדען צו די בויערן נאָר אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל עס איז נויטיג געווען צו ערקלערען דעם פֿאָלק דעם ריכטיגען פּשט פֿון איהרע פֿאָדערונגען און צו שטיצען איהם אין דעם מאָמענט פֿון דער מרידה פֿון רעאַקציאָנערע הענד.

דער פּרינציפּ פֿון צענטראַליזאַציע האָט געזאָלט האָבען אַ קיום אויך נאָך דעם נצחון פֿון דער רעוואָלוציע. די פּראָוויזאָרישע (צייטווייליגע) רעגירונג פֿון דער פּאַרטיי וועט האָבען נאָר אַ פֿאָרמעלע בעדייטונג; זי וועט זיין, האָט געשריבען זשעליאַבאָוו, נאָר אַ ליקווידאַציאָנס-קאָמיסיע, ד. ה., זי וועט נאָר מאַכען אַ סוף פֿון דער אַלטער אָרדנונג. די עקאָנאָמישע רעוואָלוציע מוז דאַן דאָס פֿאָלק זעלבסט דורכפֿיהרען, און די רעגירונג דאַרף נאָר סאַנקציאָנירען די עקאָנאָמישע גלייכהייט. דאָס גילט אָבער נאָר דאַן ווען אַלץ וועט געהן ווי דער סדר איז. ווען אָבער דאָס פֿאָלק וועט אַליין ניט קענען אומשטירצען די עקאָנאָמישע אָרדנונג, דאַן, וועט עס טהאָן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג: זי וועט אָבשאַפֿען דאָס רעכט פֿון פּריוואַט אייגענטהום אויף ערד און אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען פֿון גרויסבעטריעב און צו גלייכער צייט וועט זי איינפֿיהרען גייע אינסטיטוציאָנען. ערשט נאָך דעם דאַרפֿען פֿאָרקומען די וואַהלען און אין פּאַרלאַמענט וועלען אַריין די אמת׳ע פֿטרשטעהער פֿון פֿאָלק, וועלכער עס איז בעפֿרייט געוואָרען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש; דאָס לעבען פֿון פֿאָלק וועט רעגולירט ווערען דורך דעם ווילען פֿון פֿאָלק. אויך די ברידער אין די גרענצלענדער וועלען קענען פֿריי אָבאַטהעמען זיך, און די היסטאָריש זעלבסטשטענדיג-געוועזענע נאַציאָנען וועלען ווידער אויפֿגעריכטעט ווערען. אָבער פֿון אָנהויב זאָל דער פּאַרלאַמענט אַרומנעהמען גאַנץ רוסלאַנד און ערשט נאָך דעם, ווי עס וועלען זיך שטאַרק בעפֿעסטיגען די רעוואָלוציאָנערע נצחונות און עס וועט זיך טיעף איינוואָרצלען די נייע אָרדנונג, וועלען קענען די פֿערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען בעקומען דאָס רעכט זעלבסט צו בעשטימען זייערע פּאָליטישע בעציהונגען צו דער גאַנצער מלוכה; אַז ניט וועלען די פֿינסטערע כוחות פֿון דער רעאַקציע געפֿינען אין זיי אַ שטיצע פֿאַר זיך און וועלען פֿון דאָרט ווידער אויפֿהויבען דעם קאַמפּף געגען דער רעוואָלוציע. אויף אַזאַ אופן האָט די שטרענגסטע צענטראַ-

ליזאַציע געדאַרפֿט בלייבען ביז אַ צייט אויך אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער מלוכה. אין ווען זשעליאַבאָוו צ. ב. רעדט אין זיינע בריעף צו דראַגאָמאַנאָוו'ן וועגען דער אויטאָנאָמיע פֿון די קהילות און נאַציאָנאַליטעטען, איז ער, ווי עס ווייזט אויס, דערמיט אויסען צוציהען צו זיין פאַרטיי דיזען פֿערטרעטער פֿון דער קליינרוסישער אוגאַבהענגיגקייט. רוסלאַנד איז אויך אַזוי צענטראַליזירט ווי פֿראַנקרייך, און זייט 1789-טען יאָהר האָבען דאָרטען אַלע רעגירונגען — די רעפּובליקאַנישע, אימפּעריאַליסטישע און ראָיאַליסטישע, איינגעהאַלטען דיזע אָרגאַניזאַציאָנספֿאָרם. ווער עס בעקימט די מאַכט איבער דער מלוכה לאָזט זי מיט גוטען פֿין האַנד ניט אַרויס. וועגען דער אויטאָנאָמיע פֿון קליינרוסלאַנד האָט געוויס אין דער פאַרטיי פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" קיינער ערנסט ניט געטראַכט.

די טעראָריסטען זיינען ביי ווערטער ניט געבליבען. די קומענדיע צייט איז זעהר רייך געווען מיט טעראָריסטישע פֿאַקטען. שוין אין זומער 1879-טען יאָהר, גלייך נאָך דעם ווי די פאַרטיי האָט זיך געבילדעט, האָט מען אויסגעאַרבייט אַ גאַנצען פלאַן ווי צו טויטען דעם קיסר. מען האָט בעשלאָסען אויפֿרייסען מיט דינאַמיט דעם צוג, אין וועלכען אַלעקסאַנדר דער II-טער וועט פֿאָהרען פֿון ליוואַדיע (קרים) אין פּעטערבורג. זייט סעפּטעמבער האָט מען אונטערגעגראָבען גאַנצע דריי מינען, נעבען אָדעס, אַלעקסאַנדראָווסק און מאָסקוואַ; ביז 50 מענשען האָבען דערויף געאַרבייט*. ביי אָדעס (14 וויאָרסט פֿון שטאָדט) האָט מען, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אומזיסט די מינע געגראָבען, ווייל דער צאַר איז ניט געפֿאָרען איבער אָדעס. דער עקר האָט מען געלייגט די האָפֿנונגען אויף דער מינע ביי אַלעקסאַנדראָווסק, ווייל, ווען זי וואָלט זיך איינגעגעבען, וואָלט דאָרטען דער צוג אַריינגעפֿלויגען אין אַ'ן אָבגרונד. אים אָקטאָבער האָט דאָרט זשעליאַבאָוו געקויפֿט ניט ווייט פֿון דער אייזענבאַהן אַ שטיק ערד, כלומר'שט, כדי צו עפֿענען אַ גאַרבעריי. פֿון דאַנען האָט מען אונטערגעלעגט אונטער די שינען צוויי מינען, מען האָט זיי עלעקטריש פֿערבונדען מיט דעם אַפּאַראַט, וועלכער עס איז געשטאַנען אויף אַ פּויערשען וואָגען. דאָך איז אָבער איבער וועלכע ניט איז טעכנישע אורזאַכען די אויפֿרייסונג ניט פֿאָרגעקומען. אַ בעסערען ערפֿאָלג געהאַט די אַרבייט נעבען מאָסקווע. דאָ האָבען געלעבט צווישען די פֿרומע סעקטאַנטען, אויך ניט ווייט פֿון אייזענבאַהן, האַרטמאַן** און פעראָווסקאַיאַ; זיי האָבען זיך אַרויסגעגעבען פֿאַר בעלי-מלאכות

---

* אין אָדעס האָבען געאַרבייט פֿראָלענקאָ (ער איז אָנגעקומען פֿאַר אַ שומר אויף'ן באַהן), קיבאַלטשיטש, זלאַטאָפּאָלסקי, לעבעדעוואַ; אין אַלעקסאַנדראָווסק — זשעליאַבאָוו, פּרעסניאַקאָוו, אָקלאַדסקי, טיכאָנאָוו, יאַקימאָוואַ און אין מאָסקווע — אַלעקסאַנדר מיכאַילאָוו, גאָלדענבערג, האַרטמאַן, פעראָווסקאַיאַ, שיראַיעוו, באַראַניקאָוו און נאָך אַנדערע, פֿון וועלכע אייניגע האָט מען ניט ענטדעקט.

** לעאָ האַרטמאַן איז געווען אַ זוהן פֿון אַ דייטשען קאָלאָניסט אין אַרכאַנגעלסק, נאָר דייטש האָט ער וועניג פֿערשטאַנען. אין סאַראַטאָוו איז ער געווען אַ מיטגליעד פֿון דער אָרטיגער גרופּע און האָט דאָרט פֿערנומען אַ שטעלע פֿון אַ שרייבער אין וואָלאָסט. צוליעב זיינע כעמישע קענטניסען האָט מען איהם גערופֿען צו העלפֿען קיבאַלטשיטש'ן, דערנאָך האָט מען איהם געשיקט אין מאָסקוואַ איינאָרדנען די עלעקטרישע באַטאַרעען. קיין בעזונדערע ראָלע האָט ער אין דער פאַרטיי קיין מאָל ניט געשפּיעלט. אין פּאַריז, וואוהין ער איז אַנטלאָפֿען נאָך

און האָבען געזאָגט, אַז זיי וואַרטען דאָ אויף זייערע עלטערן, שוין על-
טערע לייט. נאָר זיי זיינען ניט געווען אַליין, מיט די עסענוואַרג, וואָס
זיי פּלעגען איינקויפען, וואָלטען זיי בשום אופן ניט געקענט אַליין פאַר-
טיג ווערען. אין שטוב האָט געוואָהנט אַ גאַנצע געזעלשאַפט, וועלכע
עס האָט זיך קיינמאָל ניט בעוויזען פאַר'ן שיין פון דער זון. דיזע פער-
שפּאַרטע זיינען געווען — מינען-גראָבער; ביי נאַכט פלעגט זיי איינער
פון די חברים ברייגגען דינאַמיט און אַלע געצייגען, וועלכע זיי האָבען
געדאַרפט אויף צו גראָבען אונטער דער ערד דעם הייל; און דאָס האָט
מען דיזע געצייגען ערשט אין דער לעצטער צייט דערקאַזעט; פון אָנ-
הויב האָבען זיי זיך געמוזט בענוגענען מיט די איינפאַכסטע אינסטרו-
מענטען, און אַזוי ווי דער הייל איז שטענדיג געווען פול מיט וואַסער,
האָבען זיי געמוזט אַרבייטען, באָדענדיג זיך אין קאַלטען וואַסער. כדי
קיין טעות ניט האָבען אין דער ריכטונג האָבען זיי זיך בענוצט מיט אַ
קליינעם קאָמפּאַס פון דעם זעלבען אָרט, וועלכען די מיליטער בענוצט. ווי
נאָר ווער עס איז פון דער פּאָליציי פלעגט זיך בעווייזען, פלעגען די אַרביי-
טער גלייך בעקומען אַ צייכען און אין שטוב פלעגט מען זעהען נאָר די
רוהיגע בעלי-בתים. אויף'ן ערגסטען פאַל איז אויף'ן טיש געשטאַנען אַ
פלעשעל מיט ניטראָגליצערין, אין וועלכער פעראָווסקאַיאַ האָט געדאַרפט
אויסשיסען פון אַ רעוואָלווער. ענדליך איז געקומען דער 19-טער נאָ-
וועמבער, פעראָווסקאַיאַ האָט געגעבען דעם סיגנאַל, שיראַיעוו האָט
געשלאָסען די עלעקטרישע פערבינדונג... אין אין מאָמענט איז פאָר-
געקומען די עקספּלאָזיאָן. אָבער עס איז געווען ניט דער צוג, אין
וועלכען דער קיסר איז געפאָהרען און ער איז רוהיג געקומען אין פע-
טערבורג. די אויפטהוער זיינען זיך צו דער רעכטער צייט צולאָפען.

אָבער דיזער אונגליק האָט ניט געקענט צוברעכען די פעסטע אָר-
גאַניזאַציע פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט. פערקעהרט, ערשט איצטער
האָט זיך די פּאַרטיי פאָלשטענדיג אָרגאַניזירט און אין ווינטער האָט זי

---

דעם אַטענטאַט, איז זיין לעבען, ווי עס איז בעקאַנט, געהאַנגען אויף
אַ האָר (פעברואַר 1880). מיט אַ קורצע צייט פריהער, איידער עס
איז געקומען דער רוסישער פּראָקוראָר, האָט מען איהם בעפרייט, געוויס
צוליעב דער ענערגישער אַגיטאַציע פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי. נאָך
דעם איז ער אַוועק אין לאָנדאָן, האָט געאַרבייט אויף פאַבריקען און
איז דערנאָך אַוועקגעפאָהרען אין צפון-אַמעריקאַ, האָט דאָרטען געהאַלטען
רעדען; נאָר מען האָט איהם אָבער דאָרט אָנגענומען פאַר אַ קרימינאַל
פערברעכער און אַזוי פיעל קיין צוטרוי צו איהם ניט געהאַט, אַז ביי
איהם איז געבליבען בעסער צוריק צו פאָהרען אין ענגלאַנד, כדי ווייַ-
טער צו אַרבייטען אין דער עלעקטריציטעט.

— מיט איניגע טעג פאַר'ן מאָסקווער אַטענטאַט האָט די פּאָליציי
אַרעסטירט אויף'ן וואָקזאַל אין יעליסאַוועטגראַד גאָלדענבערג'ן; די
זשאַנדאַרמען האָבען אויף איהם געוואָרפען אַ'ן אויג, ווייל ער האָט
אָבגעגעבען אין באַגאַזש אַ קליינעם, אָבער זעהר אַ שווערען טשעמאָ-
דאַן; אין איהם זיינען געווען צוויי פוד דינאַמיט. אַ דאַנק דער געשיקט
אויסגעפיהרטער אונטערזוכונג האָט גאָלדענבערג פיעל אויסגעדערצעהלט
און האָט אַ סך מענשען אַריינגעמישט; ער איז געווען אַ קליינער מענש
מיט קליינע השגות און האָט זיך געיאָגט נאָך כבוד; איהם האָט זיך
געוואָלט בעווייזען, אַז ער שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער בעוועגונג
און צוליעב דעם האָט ער אַ טייל פון זיינע ערקלערונגען אַליין פון
קאָפּ אויסגעטראַכט. ווען ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אַריינגע-
פאַלען אין אַ נעץ, האָט ער זיך אַליין געמאַכט אַ סוף פון זיין לעבען.

יך אָנגעהויבען אָנצורופֿען מיט דעם נאָמען „גאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פֿאָלקסווילען). אפילו דער אָנפֿאַל אויף די דרוקערייען פֿון ביידע פּאַרטייען אַם 17 און 28-טען יאַנואַר 1880-טען יאָהר האָט אויך נאָר אַ קורצע צייט געשטערט אין דער' אַרבייט. די דרוקעריי פֿון דער „גאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אויף דער סאַפּערנער גאַס האָט מען צופֿעליג ענטדעקט; די אַרומגערינגעלטע האָבען זיך פֿערטיידיגט, געראַנגעלט זיך עטליכע שעה און האָבען געשאָסען מעהר איידער הונדערט מאָל, ביז מען האָט פֿערברענט אַלע דאָקומענטען און פּאַפּירען. די דרוקעריי האָט זיך געפֿונען אין דעם אייבערשטען עטאַזש, אונטערען דאַך און האָט פֿערנומען פֿיער צימערן. דעם ערשטען האָט מען געהאַלטען זעהר ריין און ער איז געווען גוט מעבלירט, אין די איבעריגע צימערן האָט מען געאַרבייט, אָבער ניט ביי נאַכט, כדי ניט אַרויסצורופֿען קיין חשד; און אפילו ביי דער גרעסטער נויט האָט מען שפּעטער ווי ביז 10 אַ זייגער אין אָוועגד ניט געאַרבייט. פֿון דיזער דירה האָבען געוואוסט נאָר דריי ביז פֿיער מענשען פֿון דער רעדאַקציע פֿון „גאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און אויך זיי פֿלעגען געהן אַהין נאָר אין די נויטיגסטע פֿאַלען. די אַרעסטירטע חברים האָט מען באַלד פֿערביטען מיט אַנדערע; אַזוי צום ביישפּיעל האָט מען אַלעקסאַנדר מיכאַילאָוו אַראָבגערופֿען אין פּעטערבורג, נאָכדעם ווי ער האָט אין מאָסקווע אָרגאַניזירט אַ טעראָריסטישע גרופּע.

דערווייל האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט אָנגעהויבען צו צוגרייטען אַ נייעם אַטענטאַט, אַ סך אַ גרויסאַרטיגערען און מיט פֿיעל מעהר ריזיקע ווי די, וואָס זיינען ביז אַהער געווען. אויספֿיהרען דיזען אַטענטאַט האָט מען איבערגעגעבען אַ בויערס אַ זוהן, פֿון וויאַטקע, כאַלטורין. אַלס אַ'ן אַגיטאַטאָר האָט כאַלטורין העכסט ענערגיש געווירקט צווישען די פּעטערבורגער אַרבייטער און ער איז געווען זעהר פּאָפּולער אונטער דעם נאָמען סמעפאַן. ער האָט אין 1878-טען יאָהר אָרגאַניזירט דעם צפון-רוסישען אַרבייטערבונד, וועלכער עס האָט געהאַט עטליכע הונדערט מיטגליעדער. ביז צו דער לעצטער צייט איז דיזער בונד געווען די גרעסטע אַרבייטער-אָרגאַניזאַציע פֿון רוסלאַנד. ער האָט אפילו אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ צייטונג, וועלכע די אַרבייטער האָבען אַליין געדרוקט, און האָט געעפֿענט אַ דרוקעריי; די דרוקעריי האָט מען אַרעסטירט נאָך איידער מען האָט פֿאַרטיג געמאַכט דעם ערשטען נומער. ווען כאַלטורין האָט דערזעהן, אַז אַלע זיינע פּלענער זיינען צערשטערט געוואָרען דורך דער פּאָליציי, איז ער געקומען צו דעם געדאַנק צו הרג'ענען דעם קיסר און אין הערבסט פֿון 1879 האָט ער פֿאָרגעלויגט דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט זיין הילף. מען האָט אָבגערעדט, אַז אויב עס וועלען זיך ניט איינגעבען די דריי אייזענבאַהן אַטענטאַטען, זאָל כאַלטורין הרג'ענען דעם קיסר, אויפֿרייסענדיג דעם ווינטערפּאַלאַץ. אַלס אַ העכסט געשיקטער לאַקירער איז איהם ניט שווער געווען צו געפֿינען אַרבייט אין פּאַלאַץ און פֿון אָקטאָבער אָן האָט ער אָנגעהויבען צו שטודירען, בעת דער קיסר איז אַוועקגעפֿאָהרען, דעם פּלאַן פֿון פּאַלאַץ. ער האָט דערגאַנגען, אַז דער עס-צימער פֿון קיסר געפֿינט זיך גראַדע איבער דעם קעלער, וואו עס האָבען געוואוינט די סטאָלער און אַז דיזער צימער איז אָבגעטיילט פֿון איהם נאָר דורך איין עטאַזש, אין וועלכען עס געפֿינט זיך די וואַך פֿון פּאַלאַץ.* נאָכדעם ווי די אייזענבאַהן-אַטענטאַטען האָבען זיך ניט איינ-

---

* כאַלטורין דערצעהלט וועגען די שרעקליכע אונאָרדנונגען אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון פּאַלאַץ און וועגען די שטענדיגע גנבות פֿון

געגעבען, איז די אויפֿרייסונג פֿון דעם ווינטער-פּאַלאַץ געבליבען די
איינציגע האָפֿנונג פֿון דעם עקזעקוטיווע קאָמיטעט. איינער פֿון זיינע
מיטגליעדער, קוויאַטקאָווסקי, האָט פֿערקעהרט מיט כאַלטורינען; מען
האָט איהם באַלד אַרעסטירט און ביי איהם האָט מען געפֿונען אַ
פּלאַן פֿון דעם ווינטער-פּאַלאַץ, אויף וועלכען דער עס-צימער איז גע-
וועזען אָבגעצייכענט מיט אַ צלם. דיזער צלם האָט אַרויסגערופֿען דעם
גרעסטען חשד פֿון דער פּאַלאַץ-פּאָליציי; מען האָט אָנגעהויבען זעהר
שטרענג אַכטונג צו געבען און צו מאַכען פלוצלונג אונטערזוכונגען.
ווען די זשאַנדאַרמען האָבען זיך צום ערשטען מאָל אַריינגעריסען אין
שלאָפֿצימער פֿון די כטאָליאַרעס, האָט זיך כאַלטורין רעכט דערשראָקען;
ער האָט גערעכענט, אַז אַלץ איז פֿערלאָרען, ווייל צוקאָפּען האָט ער
געהאַט אַנשטאָט אַ קישען אַ פּעקעלע מיט דינאַמיט. אָבער דעם צי-
מער האָט מען נאָר פֿון אויבען אויף אונטערזוכט. אַ סך מעהר האָט גע-
שטערט דעם אַריינברענגען פֿון דינאַמיט די קאָנטראָל פֿון אַלע פּער-
זאָנען ביים אומקעהרען זיך אין פּאַלאַץ און וואָס מען האָט אין קע-
לער פֿון די סטאָלער אַוועקגעשטעלט אַ זשאַנדאַרם. פֿון איצט אָן זיי-
נען די פּאָרבערייטונגען זעהר לאַנגזאַם געגאַנגען; כאַלטורין האָט דער-
ווייל אָנגעהויבען ליידען פֿון קאָפּ-שמערצען, וועלכע ער האָט בעקו-
מען פֿון דעם גיפֿטיגען ניטראָגליצערין, וואָס איז געלעגען ביי איהם צוקאָפּען
און האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעוועבט. אויך האָבען איהם העכסט נערוועז
געמאַכט די סכנה, אויף וועלכע ער איז שטענדיג געהאַנגען, און זיין גיך
וואַקסענדע קראַנקהייט, (ער האָט געהאַט שווינדזוכט). ניט קוקענדיג
אויף דאָס אַלץ, האָט כאַלטורין פֿונדעסטוועגען רוהיג געאַרבייט ווי-
טער, ניט אַרויפֿוואַרפֿענדיג אויף זיך קיין שום חשד; צום ניי-יאָהר האָט
ער פֿאַר זיין געשיקטער אַרבייט בעקומען אַ מתנה פֿון הונדערט רובל,
און דער זשאַנדאַרם פֿון וואַך האָט אפילו געקראָגען אַ גרויסען חשק צו
נעהמען דעסס טאָכטער, דעם גרויסען אומן יד זיך פֿאַר אַ'ן איידעם. ענדליך
האָט זיך שוין ביי כאַלטורינען אין קאַסטען געפֿונען דריי פּוד דינאַמיט,
און די טעכניקער האָבען ערקלערט, אַז אַזוי פֿיעל דינאַמיט איז גאַנץ
גענוג. זשעליאַבאָוו, וועלכער עס האָט זיך גענומען פֿיהרען דעם
אַטענטאַט נאָך קוויאַטקאָווסקיס אַרעסט, איז אויך געשטאַנען דערפֿאַר,
אַז מען זאָל וואָס גיכער אויספֿיהרען דעם פּלאַן. כאַלטורין האָט פּער-
קעהרט גערעכענט, אַז אַזוי ווי קרבנות וועלען סיי ווי סיי זיין דערביי
אַ סך, זאָל מען שוין בעסער מוסף זיין נאָך מעהר דינאַמיט, כדי מען
זאָל קענען גאַנץ זיכער זיין, אַז זיין גאַנצע אַרבייט וועט ניט זיין אומ-
זיסט. אָבער זשעליאַבאָוו האָט מנצח געוועזען. דעם 5-טען פֿעברואַר
1880 האָט כאַלטורין געפֿונען אַ גוטע געלעגענהייט אויספֿיהרען זיין
פּלאַן. ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם קאַסטען מיט דינאַמיט אין
ווינקעל פֿון די קאַפּיטאַלנע ווענד, האָט אַריינגעשטעלט ווי געהעריג איז
דעם ראָהר מיט דעם צינד-קנייטעל און האָט נאָך גענוג צייט געהאַט
אויף אַרויסצוקלייבען זיך פֿון פּאַלאַץ אין אַ זיכערען אָרט. באַלד נאָכ-

---

די משרתים. זיי פֿלעגען זיך מאַכען אייגענע יום-טובים און פֿלעגען
איינלאַדען צעהנדליגער בעקאַנטע, וועלכע עס פֿלעגען גאַנץ פֿריי
אַריין און אַרויס און אפילו בלייבען נעכטיגען אין דער צייט, ווען צו
דעם פּאַראַדנעם אַריינגאַנג פֿלעגען ניט קענען צוקומען אפילו די
„גרעסטע לייט". גנב'ענען איז אַזוי אַריין אין דער מאָדע, אַז כאַלטו-
רינ'ען איז אַליין אויסגעקומען גנב'ענען עפּעסוואָרג, כדי ניט אַרויפֿצו-
וואַרפֿען אויף זיך אַ חשד מיט זיין עהרליכקייט. אמת, די בעדיע-
נער פֿלעגען בעקומען נאָר 15 רובל אַ חודש געהאַלט.

דעם איז פֿאָרגעקומען די אונגעהייערע עקספּלאָזיאָן; דאָס ריכט פֿון פּאַלאַץ האָט זיך פֿערלאָשען, אויף דעם אַדמיראַליטעטספּלאַץ איז געוואָרען פֿינסטער, צעהן מענשען פֿון דער וואַך זיינען גע'הרג'עט געוואָרען און 53 פֿערוואונדעט. דער קיסר איז אָבער צוליעב אַ גליקליכען צופֿאַל (אַ'ן אורח, אויף וועלכען ער האָט געוואַרט, האָט פֿערשפּעטיגט צו קומען) געגאַנגען שפּעטער איידער געוועהנליך צום טיש און איז דורך דעם נצל געוואָרען פֿון טויט. כאַלטורינען האָט זשעליאַבאָוו געהאָלפֿען צו ענטלויפֿען. כאַלטורין האָט איהם אָבער קיינמאָל ניט מוחל געווען, ווי ער האָט עס גערופֿען, זיין „פֿעהלער", דאָס הייסט, וואָס ער האָט איהם אָבגעהאַלטען אָנצוקלייבען אין קאַסטען נאָך מעהר דינאַמיט. כאַלטורין האָט דערנאָך גענומען אַ'ן אַנטייל אין די וויטערע אַטענטאַטען. בעת מען האָט גע'הרג'עט סטרעלניקאָווען (אין אָדעס), האָט ער געוואַרט אויף דעם אַטענטאַטער מיט אַ פֿערד און אַ קאָרעט און איז אַרויסגעשפּרונגען צו העלפֿען איהם, ווען אַ'ן עולם איז אויף איהם אָנגעפֿאַלען. ערשט נאָכדעם ווי מען האָט כאַלטורינען אויפֿגעהאַנגען (דעם 22-טען מערץ 1882), האָט מען אין איהם דערקענט דעם סטאָלער פֿון ווינטערפּאַלאַץ. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט אין זיין פּראָקלאַמאַציע אויסגעדריקט זיין פֿערדרוס איבער דעם, וואָס עס זיינען אומגעקומען די אונגליקליכע סאָלדאַטען, האָט אָבער דערביי ערקלערט, אַז ער וועט פֿיהרען ווייטער דעם קאַמפּף, ביז מען וועט ניט איבערגעבען דורכפֿיהרען די געזעלשאַפֿטליכע רעפֿאָרמען אין די הענד פֿון אַ קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג, וועלכע זאָל פֿריי אויסגעקליבען ווערען פֿון דער בעפֿעלקערונג און זאָל בעקומען פֿון איהר געוויסע אינסטרוקציעס. און זיין ציעל, דעם טויט פֿון דעם קיסר, האָט דיזער קאָמיטעט, וואָס איז געווען האַרט ווי אייזען, בשום אופן פֿון זינען ניט אַרויסגעלאָזען. דער צאַר האָט, פֿיהלענדיג די שוואַכקייט פֿון זיין רעגירונגס-סיסטעם, אַראָבגערופֿען דעם גראַף לאָריס-מעליקאָוו און, האָט איהם געמאַכט פֿאַר אַ דיקטאַטאָר. מיט די ליבעראַלע כוונות, וועלכע דיזער גראַף האָט אַרויסגעוויזען, האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען אונטערצוקויפֿען די טעראָריסטען; זיין רעזשים פֿלעגען זיי אָנרופֿען אַ טיראַניי, וואָס טראָגט אויף זיך אַ מאַסקע פֿון ליבעראַליזם, זיין הערשונג האָט אפילו אַרויסגערופֿען דעם אַטענטאַט פֿון מלאָדעצקי (דעם 20-טען פֿעברואר). אמת, דיזען אַטענטאַט האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט ניט פֿעראָרדענט, פֿערקעהרט, ער איז גאַנץ בעשטימט געווען געגען איהם.

די אָרגאַניזאַציע פֿון דער טעראָריסטישער פּאַרטיי האָט זיך דערוויל קרעפֿטיג ענטוויקעלט. אין אָנפֿאַנג פֿון 1880-טען יאָהר האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פֿאַנאַנדערגעשיקט צו די איינצעלנע גרופּען, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אַ שריפֿט „וועגען דער פּאַרטייאישער טהעטיגקייט פֿון דער פּאַרטיי". דער ווילען פֿון פֿאָלק, איז געשטאַנען אין דיזער שריפֿט, דאַרף ווערען דער מקור פֿון אַלע געזעצען, און אַזוי ווי עס איז שווער צו גלויבען, אַז די רעגירונג זאָל מיט גוטען נאָכגעבען, מוז מען זי דערצו צווינגען דורך אַ'ן אויפֿשטאַנד און צוליעב דעם מוז מען אַלע קרעפֿטען אָרגאַניזירען. נאָך דעם, ווי מען האָט בעקומען פֿון די גרופּען די אַנטוואָרטען אויף דיזער שריפֿט האָט מען זי נאָך אַ מאָל רעדאַקטירט און פֿאַנאַנדערגעשיקט; די איינצעלנע גרופּען האָבען איהר געמוזט איבערלאָזען ביי זיך אין אַרכיוו און זי האָט געדאַרפֿט דיענען אַלס אַ'ן אינסטרוקציע. אמת, די גרופּען זיינען ניט מחויב געווען צו אַרבייטען נאָך דיזער אינסטרוקציע, ווייל תקנות, וואָס קיינער האָט ניט געטאָרט עובר זיין, האָט געקענט אַרויס-

געבֿען נאָך דער קאָנגרעס פֿון דער פּאַרטײ, װעלכען דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט האָט זיך קײנמאָל ניט אײנגעגעבען צונױפֿצורופֿען. די אײנצעלנע גרופּען האָבען פֿונדעסטװעגען דאָך אױסגעאַרבײט זײערע סטאַטוטען אױף׳ן גרונד פֿון דיזער אינסטרוקציע.

דער פֿיהרער פֿון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע איז דער עקזעקוטיװ קאָמיטעט. ער גופא קלײבט פֿאַר זיך אױס נאָך זײן אײגענעם װילען נײע מיטגליעדער פֿין זײנע אַגענטען אָדער פֿון די חברים אין די אײנצעלנע גרופּען. דיזער פּרינציפּ פֿין צונעהמען נײע מיטגליעדער איז געװען אַ כלל פֿאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע. נאָך די סטאַטוטען נאָך האָבען די העכערע אַרט גרופּען אַלײן אױסגעקליבען פֿאַר זיך מיטגליעדער פֿין די נידעריגערע, כדי אױף אַזאַ אופן בעסער צו פֿערהיטען די קאָנספּיראַציע. די מיטגליעדער פֿין עקזעקוטיװ קאָמיטעט זײנען די העכסטע אַרט אַגענטען און צוגלײכער צײט די הױפּט פֿיהרער פֿון אַלע אונטערנעהמונגען. דיזע אָרגאַניזאַציאָנס פֿאָרם, ערקלערט גראַטשעװסקי אין זײנע כתבים, װעלכע מען האָט בײ איהם געפֿונען אין זומער פֿון 1882, האָט אין זיך דעם חסרון, װאָס אין דעם פֿאַל װען מען אַרעסטירט די מיטגליעדער פֿון דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט, שטערט זיך אָב זײן גאַנצע טהעטיגקײט, װי דאָס האָט זיך עטליכע מאָל געטראָפֿען, עס געװעהרט דאַן אַלעמאָל װיפֿיעל ניט איז צײט, ביז די צערשפּרײטע און אָנגעשראָקענע רעסטען פֿון קאָמיטעט אָרגאַניזירען זיך װידער און נעהמען אַרײן נײע מיטגליעדער. גראַטשעװסקי פֿערלאַנגט דעריבער, אַז מען זאָל אָבטײלען די הױפּט פֿיהרער פֿון דער פּאַרטײ פֿון איהרע אַקטיװע מיטגליעדער, װעלכע עס דאַרפֿען גאָר ניט װיסען פֿון אַלע איהרע סודות. בראש דאַרף שטעהן אַ פֿאָלקאָמען-זיכערער מענש, ניט יונגער װי 30 יאָהר, װײל אין די יונגערע יאָהרען פֿעהלען נאָך די נײטיגע ענערגיע און זעלבסטבעהערשונג. די אַרבײט אין די אײנצעלנע ראַיאָנען איבערלאָזט דער עקזעקוטיװ קאָמיטעט די אָרטיגע גרופּען און שױן פֿון די סטאַטוטען פֿון 1880 זעהט מען, אַז אױף זיך נעהמט ער נור דאָס, װאָס עס דיענט אױף צו פֿערהיטען די אײנהײט פֿון דער אָרגאַניזאַציע און װאָס האָט אַ שײכות צו דעם בעװאַפֿנעטען קאַמפּף מיט דער רעגירונג. בנוגע צו דיזער טעראָריסטישער טהעטיגקײט געפֿינען זיך די אײנצעלנע גרופּען אין גאַנצען אין דעם רשות פֿון דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט. אױסער דעם מוז דיזער קאָמיטעט אַכטונג געבען, אַז מען זאָל גענוי אָבהיטען די פּראָגראַם, מוז זאָרגען פֿאַר דער פּרעסע פֿון דער פּאַרטײ, אײנאָרדנען די בעציהונגען צװישען די אײנצעלנע גרופּען און אז. װ. אים איבעריגען זײנען די אײנצעלנע גרופּען זעלבסטשטענדיג אין זײער אַרבײט. דער קאָמיטעט און די גרופּען זײנען מחויב אונטערצוהאַלטען אײנע די אַנדערע מיט געלד-מיטלען און מיט קרעפֿטען. דער עקזעק. קאָמיטעט דאַרף קומען צו הילף דער עקר בעת אַ גרופּע הױבט זיך אָן צו בילדען אָדער װען עס טרעפֿען זיך אין די אײנצעלנע גרופּען גרױסע אַרעסטען. דערפֿאַר קען אױך דער קאָמיטעט פֿין זײן זײט פֿאָדערען פֿון זײ אַ׳ן אונטערשטיצונג, װעלכע עס דאַרף בעשטעהען נאָך די סטאַטוטען נאָך פֿין אַ געװיסען טײל פֿון די אַקטיװע קרעפֿטען, װאָס געפֿינען זיך אין דער גרופּע, און אַ געװיסען פּראָצענט פֿון איהר הכנסה.

די גרופּען טײלען זיך אױף אָרטיגע און אױף ספּעציעלע פֿעראײנען. די אָרטיגע אַרבײטען אין אַ בעשטימטען געאָגראַפֿישען אָדער עטנאָגראַפֿישען ראַיאָן; זײ האָבען זײערע אײגענע סטאַטוטען, בעשטעטיגטע פֿון דעם עקזעקוטיװ קאָמיטעט. דיזע סטאַטוטען זײנען בעצם פֿאַר אַלע גרופּען גלײך און אונטערשײדען זיך נאָר מיט אײניגע קלײניגקײטען, װעלכע די ספּעציעלע אָרטיגע בעדינגונגען מאַכען פֿאַר נױטיג. אָרטיגע

גרופּען דאַרפֿען צוגרייטען דעם אויפֿשטאַנד, ווירקען אויף דער עפֿענטליכער מיינונג און אויף די וואַהלען אין דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג, פֿאָרמולירען די פֿאָדערונגען פֿון דעם בויערן-שטאַנד און אז. וו. זייערע מיטגליעדער דאַרפֿען פֿערנעהמען פֿערשיעדענע שטעלען אין דער אַדמיניסטראַציע און אין דעם חיל; זיי דאַרפֿען צוציהען צו דער בעוועגונג די פֿעהיגסטע מענשען פֿון בויערן-שטאַנד, ניט אָנגעבענדיג זיך מיט דעם ציעל צו אָרגאַניזירען די גאַנצע בויערן-מאַסע, ווייל נאָך אַ סך פֿריהער האָט מען שוין פֿערלאָרען די האָפֿנונג צו האָבען דעריגען אַ'ן ערפֿאָלג; ווייטער זאָלען זיי איינפֿיהרען בעציהונגען מיט די ליבעראַלען און קאָנסטיטוציאָנאַליסטען, זאַמלען געלד-מיטלען און ווי געהעריג בעקאַנט ווערען מיט דער לאַגע פֿון זייער ראַיאָן, כדי צוציהען איהם אין דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציע אויף'ן צד פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“. אין 1880-טען יאָהר האָבען עקסיסטירט, ווי מען רעכענט, אַזעלכע 12 אָרטיגע גרופּען.

אויסער דעם האָבען עקסיסטירט איינינע גרופּען, וואָס האָבען געהאַט ספּעציעלע ציעלען: צו אַגיטירען צווישען דעם חיל, צווישען די סטודענטען און די אַרבייטער, צו פֿיהרען די ענינים פֿון דער דרוקעריי, פֿון דער פּרעסע, צו פֿאַבריצירען מינען, באָמבען און אז. וו. די פֿערבינדונגען מיט דיזע ספּעציעלע גרופּען האָבען זיך געפֿונען אין די הענד פֿון בעזונדערע אַגענטען פֿון עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וועלכע עס האָבען געדאַרפֿט, ווי למשל קוויאַטקאָווסקי און זשעליאַבאָוו, אָנפֿיהרען די אונטערנעהמונגען. צוליב דער גרויסער בעדייטונג פֿון דער אַרמעע אין דער צייט פֿון אַ'ן אויפֿשטאַנד, האָט מען די פּראָפּאַגאַנדע צווישען דעם חיל געהאַלטען פֿאַר זעהר וויכטיג. נאָר אַזוי ווי צו די סאָלדאַטען גופא איז זעהר שווער געווען צו צוקומען, האָט מען דער עקר געהאַט אין זינען די אָפֿיציערען, וועלכע עס וועלען דורך זייער פּאָפּולאַריטעט קענען צוציהען אויף זייער צד אויך די סאָלדאַטען, אָדער זיי וועלען, ווי דאָס האָבען דער ס'רוב געטהאָן די אָפֿיציערען פֿון פֿלאָט, קומען צו הילף מיט דער פֿערשאַפֿונג פֿון שפּרענג-מאַטעריאַלען אָדער איבערהויפּט מיט זייערע קענטעניס. אויך האָבען זיך געבילדעט גרופּען פֿאַר דער סטודירענדער יוגענד. ביי יעדער אָרטיגער גרופּע פֿלעגען זיך בילדען אונטערגרופּען. פֿון סטודענטען מיט'ן צוועק צו אַרבייטען צווישען זייערע חברים. אין פּעטערבורג האָט אפילו (אין 1880) עקזיסטירט אַ „צענטראַלער סטודענטען-בונד“, וועלכער האָט גענומען אַ העפֿטיגען אַנטייל אין אַלע סטודענטישע בעוועגונגען און האָט אַרויסגעלאָזען פּראָקלאַמאַציעס. די הילף, וועלכע די יוגענד קען אַרויסווייזען דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, איז באריכות ערקלערט געווען אין אַ העקטאָגראַפֿירטער אינסטרוקציאָן. נאָר מעהר האָט מען זיך אָבגעגעבען מיט דער אָרגאַניזאַציע פֿון די שטאָדטישע אַרבייטער, ווייל פֿון זייער אויפֿיהרונג און פֿון דער אויפֿיהרונג פֿון די סאָלדאַטען האָט זיך געווענדעט דער ערפֿאָלג פֿון דעם אויפֿשטאַנד. די ערשטע אַרבייטער גרופּע פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ האָט זיך געגרינדעט נאָך אין 1879-טען יאָהר; אין דעם משך פֿון דעם קומענדען יאָהר האָט זי זיך פֿערגרעסערט אויף פֿיער מאָל אַזוי פֿיעל און האָט געהאַט עטליכע הונדערט מיטגליעדער. די בעדייטונג פֿון די אַרבייטער פֿאַר דעם כאַראַקטער פֿון דער רעוואָלוציע גופא האָט זיך שפּעטער אַרומגערעדט אין דעם „פּראָגראַם פֿון דער אַרבייטער פּאַרטיי פֿון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, וועלכען דער צענטראַלער אַרבייטער בונד פֿון פּעטערבורג האָט אַרויסגעלאָזען מיט דעם הסכם פֿון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט. דער צענטראַלער אַרבייטער בונד פֿון פּעטערבורג איז געשטאַנען דירעקט אונטער דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט און האָט

געהאַט מעהרערע אָבטיילונגען, וואָס האָבען זיך פאַנאַנדערגעצווייגט צווישען דער אַרבייטער מאַסע. די נשמה פון דער אַרבייטער בעוועגונג אין פעטערבורג איז געווען זשעליאַבאָוו, וועלכער ס'האָט אין איינעם מיט פעראָווסקאַיאַ צוגעצויגען די דאַמאָלסדיגע יונגע סטודענטען ווי גרינעוויצקי, ריסאַקאָוו און נאָך אַנדערע און מיט זייער הילף אָרגאַניזירט די אַרבייטער. ער האָט געגרינדעט אָבטיילונגען מיט'ן צוועק צו אַגיטירען צווישען די אַרבייטער, צו הרג'ענען שפּיאָנען, דעם קיסר, נאָכצוקוקען, ווען דיזער פאָרט אַרויס און אַז. וו. אויך האָט ער געגרינדעט די „אַרבייטער צייטונג"; איהר ערשטער נומער איז אַרויס אַם 15-טען דעצעמבער 1880 און דער צווייטער דעם 27-טען יאַנוואַר 1881. דער לייט-אַרטיקעל פון דעם צווייטען נומער, פּאָפּולער געשריבען, בעווייזט, אַז דער קיסר האָט צופיעל מאַכט אין האַנד און אַז ער שטעהט נאָר פאַר די רייכע לייט; אין אַ'ן אַנדער אַרטיקעל ווערט געשילדערט דאָס אַרבייטערס לעבען מיט זיינע צרות און נויט. אַזעלכע אַרבייטער בונדען האָבען זיך געבילדעט, אַלס אָבטיילונגען פון די אָרטיגע גרופּען, אויך אין אַנדערע שטעדט, דער עקר אין די שטעדט פון דרום. צוויי פון דיזע אָבטיילונגען האָבען אפילו געהאַט די געלעגענהייט צו פיהרען אַ'ן ענערגישע אַגיטאַציע צווישען בויערן.

ענדליך האָבען אויך עקסיסטירט ספּעציעלע קאַמפף'ס אָרגאַניזאַציעס, וועלכע עס זיינען אין אַ סך פּרטים געווען פערשיעדען פון די אַנדערע גרופּען. יעדע קאַמפף'ס אָרגאַניזאַציע האָט נאָך'ן סטאַטוט נאָך געדאַרפט בעשטעהן פון אַ קליינעם צאָהל מיטגלידער, אַן ערך פון 10 מענשען. די ריכטונג פון זייער טהעטיגקייט האָט זיך געווענדעט פון דעם עקזעק. קאָמיטעט, אין דעם פרט האָבען זיך די קאַמפף'ס אָרגאַניזאַציעס אין גאַנצען געפונען אין זיין רשות, אָבער אין די אויספיהרונג פון די אַרבייטען, וואָס מען האָט זיי איבערגעגעבען זיינען זיי געווען פאָלקאָמען זעלבסטשטענדיג. דיזע אָרגאַניזאַציעס האָבען געדאַרפט בעשטעהן פון חברים, וועלכע זאָלען זיך קענען אין גאַנצען פערלאָזען איינע אויף די אַנדערע; דעריבער פלעגען זיי זיך פאָלקאָמען זעלבסטשטענדיג אָרגאַניזירען און פלעגען אַליין אַריינעהמען נייע מיטגליעדער. דאָך האָט דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט געקענט פערווערען אַריינצונעמען געוויסע פּערזאָנען. זייערע אייגענע ענינים פלעגען דיזע אָרגאַניזאַציעס בעשליסען נאָך דער מעהרהייט. פאַר דער צייט פון קאַמפף פלעגען זיי אויסקלייבען פון זייערע חברים אַ'ן אָנפיהרער, וועלכער עס פלעגט בעקומען אַ דיקטאַטאָרישע מאַכט. פאַר מיטגליעדער פלעגט מען צונעהמען נאָר אַזעלכע מענשען, וועלכע זיינען לגמרי קאַפּאַבעל געווען צו געהען אויף מסרת נפש.

אַזוי האָט אויסגעזעהן די אָרגאַניזאַציע, וועלכע עס האָט זיך אויסגעבילדעט אין דעם משך פון 1880-טען יאָהר. די צאָהל פון די מיטגליעדער אין אַלע גרופּען איז דערגאַנגען ביז 500; אַ חוץ דעם האָבען עטליכע טויזענד מענשען מסכים געווען מיט די אידעען און טענדענצען פון דער פּאַרטיי, ניט נעהמענדיג קיין אַנטייל אין איהרע אָרגאַניזאַציעס. און אָט איז געקומען דער ווינטער פון 1880—1881-טען יאָהר. די בעוועגונג איז, ווי עס ווייזט אויס, לעבעדיגער געווען, איידער ווען עס איז פריהער. דער אַטענטאַט פון 1-טען מערץ שטאַמט פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט און מען האָט איהם פאָרגעלויגט דעם אַרבייטער בונד, אַנדערהאַלבען וואָכען פאַר דעם אָבגעשטעלטען טערמין האָט זיך זשעליאַבאָוו געווענדעט צו די פערשיעדענע קאַמפף'ס-אָרגאַניזאַציעס, צו עס געפינען זיך ניט בעלנים אויף אויסצופיהרען דעם אַטענטאַט. עס האָבען זיך אָבגערופען 47 מענשען. פון זיי האָט זשעליאַבאָוו אויס-

געקליבען איינינע. אויף דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר, וועלכע עס
האָבען געהאַלטען סאַבלין און העסע העלפמאַן, האָט קיבאַלטשיטש
געלערנט ווי צו בעגעהן זיך מיט באָמבען און האָט אונטערן שטאָדט
געמאַכט פראָבען. צו גלייכער צייט האָט באָגדאַנאָוויטש (קאָבאָזעוו),
אַ געוועזענער סטודענט און דערנאָך אַ שרייבער אין וואָלאָסט, פאָר-
בערייטעט אַ'ן עקספּלאָזיאָן אין דער מאַלאַיאַ-סאַדאָוואַיאַ גאַס; די מינע
האָט ער געגראָבען פון אַ קעז קראָם, וואָס ער האָט צו דיזען צוועק
געהאַלטען. אַ חוץ דעם האָט זשעליאַבאָוו מיט זיינע חברים אונטערגע-
גראָבען אַ מינע אונטער'ן „שטיינערנעם בריק”. מען האָט זיך אויף אַזאַ
אופן, וויעדער ווי אין נאָוועמבער 1879, אויף דרייערליי וועגען גע-
פרואווט צו קימען צום ציעל. אם 1-טען מערץ 1881 זיינען פון אין
דערפריה אָן זעקס באָמבען-וואַרפער געשטאַנען אויף די פּיס. סאָפיאַ
פעראָווסקאַיאַ האָט געגעבען סיגנאַלען מיט איהר טיכעל. פון דער ערשטער
באָמבע, פון ריסאַקאָוו'ס איז דער קיסר נצל געוואָרען; אונפאָרזיכטיגער-
הייט קעהרט ער זיך אום צוריק, צום אָרט וואו די אויפרייסונג איז
פאָרגעקומען. דעם מאָל האָט זיך אָבער גרינעוויצקי ריכטיג געציעלט,
און ביידע, ער און אלעקסאַנדר דער צווייטער, זיינען געפאַלען פאַר
אַ קרבן.

איצט האָבען זיך פון איין זייט אַ שאָט געטהון אַ סך פראָקלאַמאַ-
ציעס*, וועלכע עס פערלאַנגען פון דעם נייעם קיסר אַזעלכע זאַכען,
ווי אַ פאָלשטענדיגע און אַ'ן אַלגעמיינע אַמניסטיע פאַר אַלע פאָליטישע
פערברעכער, די צונויפרופונג פון אַ קאָנסטיטואירענדער פערזאַמלונג
ביי דער פאָלקאָמענער פרייהייט פון דער פרעסע, פון רעדען, פערזאַמ-
לונגען און וואַהל-פראָגראַמען, פון דער אַנדער זייט — דער בעקאַנטער
מאַניפעסט פון איגנאַטיעוו, אין וועלכען ער האָט מיט האַרטע ווערטער
אָבגעזאָגט אויף אַלע פאָדערונגען פון רעפאָרמען. דיזער הויפט מיניס-
טער האָט אָהן רחמנות און מיט דער גרעסטער אכזריות רדוף געווען
די רעוואָלוציאָנערען און פאַר דעם אויפגערעגטען געמיטה פון פאָלק
האָט ער געפונען אַ'ן אויסוועג אין די פּאָגראָמען און אין די רדיפות
פון יודען און דייטשען. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָבען די טעראָ-
ריסטען אויף אַ האָר ניט אַרויסגעלאָזען פון זינען זייער ציעל, די הריגה
פון קיסר. עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז זיי האָבען גרויסע פאָרבערייי-
טונגען געמאַכט צו דער קריינונג פון דעם צאַר אין מאָסקווע אין מאַי
1882 און 1883, די טויט-געציינען, וואָס מען האָט געפונען נעבען דעם
צאַרס פּאַלאַץ, בעווייזען, אַז די טעראָריסטען האָבען אויף דיזע פּאַ-
לאַצען געוואָרפען אַ'ן אויג. אין דעצעמבער 1881 איז פאָרגעקומען
אַ'ן אַטענטאַט אויף דעם חבר פון מיניסטער טשערעווין, אמת, ניט לויט
דער פעראָרדנונג פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט; אין דעם 18-טען
מערץ 1882 האָט זשעלוואַקאָוו געשאָסען און אָדעס דעם מיליטער-
פּראָקוראָר סטרעלניקאָוו, וועלכער עס האָט דורך זיינע אונמענשליכע
און אכזריות'דיגע רדיפות אַרויסגערופען דעם כעס פון די רעוואָלוציאָנע-
רען. וועלכע פּלאַנען האָבען איצט די טעראָריסטען און ווי גרויס איז
זייער קראַפט, קען איך, פערשטעהט זיך, ניט זאָגען; די געהיימע פּאָ-
ליציי רעכענט, ווי עס ווייזט אויס, אַז איצטער איז די לאַגע וועניגער
געפעהרליך, ווייל דער צאַר האָט זיך וויעדער אומגעקערט אין פּעטער-
בורג, פאַהרט אָפט אַרויס און האָט אָנגעלייגט זיין קריינונג אויף מאַי,
נאָר עס איז אָבער מעגליך, אַז די איצטיגע רוהיגקייט איז נור אַ שטילע

---

* מיר זיינען בעקאַנט צעהן פּראָקלאַמאַציעס און פּראָגראַמען.

רגע פֿאַר אַ שטורם *.

אין גאַנצען זיינען אין דעם משך פֿון 1872-טען ביז 1882-טען יאָהר פֿאָרגעקומען זעקס אַטענטאַטען אויף העכערע בעאַמטע: טרע-פּאָװ, קאָטליאַרעװסקי, הײקינג, קראַפּאָטקין, מטרעלניקאָװ און דעם סי-בירישען גובערנאַטאָר איליאַשעװיטש (סעפּטעמבער 1882-טען יאָהר); פֿיער אַטענטאַטען אויף די שפּיאָנען פֿון דער פּאָליציי: מעזענצעװ, דרענטעלן, לאָריס-מעליקאָװ און טשערעװין; און פֿיער אַטענטאַטען אויף דעם צאַר אַלעקסאַנדר דעם צווייטען. אויסער דעם האָט מען געטויטעט נייען שפּיאָנען אין מסרים און צוויי פּערוואָנדעט. 24 מאָל האָט מען אַרויסגעוויזען אַ בעוואָפֿענטען ווידערשטאַנד: אין 1875 טען יאָהר — 2, 1878 — 7, 1879 — 9, 1880 אין 1881 8 צו צוויי מאָל. פֿער׳משפּט צום טויט און דורכגעפֿירט דעם משפּט האָט מען אין 1826 אויף 5 דעקאַבריסטען, פֿון 1862 ביז 1866 — אויף 9 רעוואָלוציאָנערען,

---

*) אייניגע וויכטיגע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע מען האָט אַרעס-טירט אין פֿריהלינג 1882׳ זיינען פֿון 28-טען מערץ ביז 5-טען אַפּריל 1883 געשטאַנען פֿאַר׳ן משפּט פֿון סענאַט אין פּעטערבורג. דיזער פּראָצעס פֿון 17 שטעהט נאָך געוויס פֿאַר די אויגען פֿון אונזערע לע-זער. (אָפֿיציעלער בעריכט אין דעם רעגירונגס בלאַט פֿון 8-טען אַפּריל 1883). פֿון פֿעברואַר 1883 זיינען פֿאָרגעקומען זעהר אַ סך וויכטיגע אַרעסטען. אָנגעהויבען האָבען זיי זיך אין קאַווקאַז צווישען די אָפֿיציערען פֿון מינגרעלישען פּאָלק. דעם 5-טען פֿעברואַר האָט זיך אין איינער אַ פּעטערבורגער באָד אַ סטודענט געפּרואווט אָנטהאָן אַ טויט און האָט ערקלערט, אַז דורך זיין טויט האָט ער געוועלט אויסמיידען די נקמה פֿון דעם עקזעקוטיוו-קאָמיטעט, ווייל לויט ווי מען האָט אָבגערעדט, האָט ער געדאַרפֿט הרג׳ענען דעם קיסר, בעת דיזער וועט בעזוכען איינע אַ שוהלע, נאָר בשעת מעשה האָט ביי איהם אויף דערויף קיין מוטה ניט געכאַפּט. אין דעם זעלבען טאָג האָט זיך אויך געשאָסען דער פּערוואַל-טער פֿון דער דע־מאָהנטער באָר; פֿריהער איז ער געווען אַ פּערוואַל-טער פֿון דעם הויז אויף דער קליינער סאַדאָווער גאַס, פֿון וועלכען באָגדאַנאָוויטש האָט דורכגעלייגט זיין מינע. דיזע פּאַסירונג האָט געב-ראַכט צו דער ענטדעקונג פֿון אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר און צו דעם אַרעסט פֿון עטליכע מענשען. אין דעם זעלבען טאָג, אַ רייכען מיט פּאַסירונגען, האָט זיך אויך געטראָפֿען אַ שרפה צוליעב גאָר אונבע-קאַנטע סבות, אין דעם קעלער אונטער דעם פּאַראַדען-זאַל פֿון אוני-ווערזיטעט. גלייך נאָך דעם האָט די געהיימע פּאָליציי געבראַכט צוויי טעראָריסטען, וועלכע מען האָט געכאַפּט אין ווערזשבלאָווע; זיי האָבען געפֿיהרט מיט זיך קאָמפּראָמעטירענדע זאַכען און שיפֿרירטע בריעף; דעם שליסעל צו דיזע בריף האָט מען געפֿונען אין כאַרקאָוו ביי אַ׳ן אַרעסטירטער פֿיליפּאָוואַ. אין די בריעף האָט זיך גערעדט וועגען אַ׳ן אַטענטאַט אויף׳ן צאַר בעת דער קריינונג. דאָס האָט געפֿיהרט צו אַ סך אַרעסטען. ווייטער האָט מען אין פּעטערבורג ענטדעקט אַ ווערקשטאַט, וואו מען האָט געמאַכט היטלען, אין וועלכע עס פֿלעגען אינוועניג אַריינגעלויגט ווערען באָמבען. ענדליך האָט די פּאָליציי אויסגעלויערט אַ קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר מיט אַכט בעוואָהנער, וועלכע עס האָבען ביים אַרעסט אַרויסגעוויזען אַ ווידערשטאַנד; דאָ האָט מען געפֿונען פֿיער פּוד דינאַמיט. אין אַפּריל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז אין סמאָלענסק האָט מען ענטדעקט אַ געהיימע מיליטער אָרגאַניזאַציע און מען האָט אַרעסטירט אַ סך אָפֿיציערען, וועלכע עס האָבען זיך געראַנגעלט ביים אַרעסט מיט וואַפֿען אין האַנד.

1878 — 1, 1879 — 16, 1880 — 5, 1881 — 5 1882 — 4; בסך הכל פֿין 1878 ביז 1882 — אויף 31 רעוואָלוציאָנערן. אין די לעצ־טע יאָהרען זיינען ביי פֿערשיעדענע געלעגענהייטען (דעמאָנסטראַציעס, אַנטלויפֿען פֿון געפֿענגניס, בעוואַפֿענטען ווידערשטאַנד) אומגעקומען מיט׳ן לעבען אַכט רעוואָלוציאָנערן, דריי האָבען זיך אַליין אָנגעטהאָן אַ טויט, כדי ניט אַריינצופֿאַלען אין די הענד פֿין דער פּאָליציי.

## VIII. די פּאַרטיי „טשאָרני־פּערעדעל".

געגען דער נייער ריכטונג פֿון די „נאָוואַטאָרען, קאָנסטיטוציאָנאַליסטען, טעראָריסטען", — געגען די „לאַנג אָבגעלעבטע אַנזיכטען פֿון די יאַקאָבינער" האָט זיך אין דעם אָרגאַן פֿון דער געגנערישער פּאַרטיי, אין דעם אָרגאַן פֿון די „פֿערשלאָפֿענע דאָרפֿסלייט", אין „טשאָרני פּערעדעל" געפֿיהרט אַ העפֿטיגע פּאָלעמיק. מען מוז מודה זיין, אַז דער ערשטער נומער פֿון דיזער צייטונג איז געווען אויסגעצייכענט געשריבען: צו דער פּאַרטיי האָבען דאַן געהערט י. סטעפּאַנאָוויטש, פּלעכאַנאָוו (רעדאַקטאָר), אַקסעלראָד און נאָך עטליכע ענערגישע מענשען מיט גוטע קעפּ און מיט אַ אויסגעצייכענטער פען אין האַנד. בזאָנדערס כאַראַקטעריסטיש איז דער בריעף פֿון 8-טען דעצעמבער 1879 יאָהר צו די געוועזענע חברים, אין דעם זעלבען ערך, אין וועלכען איין פּאַרטיי פּלעגט אַרויסשטעלען אויף׳ן ערשטען פּלאַן די פּאָליטיק, דעם טעראָר און די צענטראַליזאַציע, פּלעגט די אַנדערע פּאַרטיי, — ווי דאָס טהוט געוועהנליך אַלע מאָל דער צד שכנגד — אַלץ שאַרפֿער רעדען וועגען די סאָציאַליסטישע ציעלען און דעם פֿעדעראַטיווען פּרינציפּ; אין דעם פֿערלויף פֿון אַ געוויסער צייט זיינען זיך אָבער די געגנער נעהענטער צונויפֿגעקומען, ניט אַזוי צוליעב טעאָרעטישע טעמים, נאָר אַ סך מעהר איבער דעם, וואָס דאָס לעבען גופא האָט דערצו געצוואונגען.

די ריין פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערען, — פּלעגען די טשאָרנאָפּערעדעלצעס אויפֿוואַרפֿען זייערע געגנער, — האָבען אַלע מאָל געגלויבט, אַז פּאָליטישע פֿרייהייט איז שוין אַליין גענוג אויף אויפֿצובויען אַ אידעאַלע מלוכה. זיי פּלעגען אַרויסגעהן פֿון אירעאַלע פּרינציפּען, ווי פֿאָלקסרעכט און מענשענרעכט, גאָר ניט קימערענדיג זיך וועגען די עקאָנאָמישע פֿערהעלטניסען; זיי האָבען אַלץ געוואָלט טהאָן פֿאַר׳ן פֿאָלק, אָבער ניט דורך דאָס פֿאָלק. די יאַקאָבינער האָבען אים נאָמען פֿון מענשליכע רעכט אין געזעלשאַפֿטליכע זיכערהייט אָנגעווענדעט טעראָר און געוואַלט. נאָר בעצם איז דאָס סיסטעם פֿון לודוויג דעם XIV, ראָבעספּיער און נאַפּאָלעאָן I געווען גאַנץ גלייך: צענטראַליזאַציע, אויטאָריטעט און איניציאַטיווע פֿון איין זייט, אונטערטהעניגקייט און שטומקייט פֿון די ברייטע מאַסען — פֿון דער אַנדערער. אויב די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" וועט איבערנעהמען דיזע פּרינציפּען, וועט זי ווערען אַ רעאַקציאָנערע פּאַרטיי, וועט בלייבען שטעהן אויף איין אָרט און וועט פֿערליערען די אונטערשטיצונג פֿון די מאַסען. דאָס האָט מען זינט 1848-טען יאָהר אין מערב-אייראָפּאַ ערקענט; די דאָרטיגע פֿיהרער פֿון דער אַרבייטער בעוועגונג לייגען אַוועק אָן אַ זייט די פּאָליטישע פֿראַגען און פֿאָדערען די איבערבויאונג פֿון די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פֿערהעלטניסען, וועלכע עס דאַרף געשעהען מיט דער הילף פֿון פֿאָלק גופא.

די טשאָרנאָפּערעדעלצעס זיינען בשום אופן ניט געווען געגען דער פּאָליטישער פֿרייהייט און קאָנסטיטוציע; פֿערקעהרט, די שטרעבונג צו פּאָליטישע פֿרייהייט האָבען זיי געהאַלטען פֿאַר אַ רעזולטאַט פֿון דער פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג, נאָר אויף׳ן ערשטען פּלאַן זיינען ביי זיי געשטאַנען די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פֿראַגען; אָהן אַ׳ן עקאָנאָמישע רעוואָלוציע איז יעדער פּאָליטישע טהעטיגקייט אַ׳ן אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבייט;

אַלע פּאָליטישע, רעכטליכע און מאָראַלישע פערהעלטניסען ווערען אין דער לעצטער שורה בעשטימט דורך די עקאָנאָמישע. דער ציעל פון דער פּאַרטיי איז געבליבען דער אַנאַרכיסטישער סאָציאַליזם, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין עטליכע מאָל גערעדט. די אַגראַר-רעוואָלוציע איז נאָר אַ מינימום לגבי דער גאַנצער קומענדער איבערקעהרעניס פון די סאָציאַלע פערהעלטניסען; זי קען נאָר דיענען פאַר אַ הקדמה צו דיזער איבערקעהרעניס און אויך דאָ מוז מען זיך קודם כל רעכענען מיט די אַנזיכטען פון דער מאַסע; מען מוז אַרויסגעהן פון די פאָדערונגען פון פאָלק, ווי פערגרעסערען די ערד-חלקים, אַראָבנעהמען דעם יאָך פון די שטייערן, אָרגאַניזירען קרעדיט אויף ערד, פערברייטערען די בויערליכע זעלבסטפערוואַלטונג און מבטל זיין דעם אַדמיניסטראַטיווען ווילקיר, — אָט פון דיזע פאָדערונגען מוז מען אָנהויבען און זיי ביסלעכווייז ענטוויקלען ווייטער. אָבער דאָך דאַרפען דיזע פאָדערונגען בשום אופן ניט דיענען פאַר אַ ציעל, זיי קענען נאָר העכסטענס גילטען פאַר אַ'ן אַגיטאַציאָנס מיטעל. דען אויב אַזעלכע האַלבע סגולות וואָלטען ווירקליך דורכגעפיהרט ווערען, וואָלטען זיי נאָר געקענט פערשטאַרקען די עקסיסטירענדע פערהאַסטע אָרדנונג. איבערהויפט אונטערשיעדען זיך די טשאָרנאָפערעדעלצעס פון פריהערדיגע נאַראָדניקעס דערמיט, וואָס פאַר זיי זיינען די פאָלקס אידעאַלען אַן און פיר זיך קיין שום היילינע זאַך ניט געווען, וועלכע מען זאָל ניט טאָרען אָנריהרען, און זיי האָבען זיך גערעכענט מיט דיזע פאָלקס אידעאַלען נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי קענען דיענען לכל הפחות אין עקאָנאָמישער בעציהונג פאַר אַ פאָרשטופּע צום סאָציאַליזם. די בונטאַרעס זיינען סתם געווען „ברייטע רוסישע נאַטורען"; ווי זיי האָבען זיך נאָר מתקרב געווען מיט'ן פאָלק, האָבען זיי מיט'ן פולען האַרצען איבערגענומען זיינע האָפנונגען און פערלאַנגען און געמאַכט זיי פאַר אייגענע, ניט קריטיזירענדיג דיזע פאָלקס אידעאַלען אויס דעם שטאַנדפונקט פון זייער סאָציאַליסטישער טעאָריע. קלערער מאַנען און פערברייטען דאָס סאָציאַליסטישע בעוואוסטזיין צווישען די בונטאַרעס — דערפאַר האָבען זיך איצטער ערשט געדאַרפט נעהמען די מעהר געבילדעטע מענשען. דער קהל'שע ערד-אייגענטהום האָט פאַר די טשאָרנאָפערעדעלצעס נאָר אויף אַזוי פיעל אַ ווערטה, אויף וויפיעל ער פיהרט אויך צו דער קאָמוניסטישער בעאַרבייטונג פון די ערד. איבער די בויערן דאַרף מען אויך ניט פערגעסען די פאַבריק אַרבייטער; פאַר דער אַגיטאַציע צווישען זיי קענען דיענען פאַר אַ יסוד די שטרייקען און סכסוכים וועגען שכירות. דער לאָזונג דאַרף זיין אַזאַ: פאַר די בויערן די ערד, פאַר די אַרבייטער די פאַבריקען. דערפון נעהמט זיך אויך דער נאָמען פון דער צייטונג „טשאָרני פערעדעל" (שוואַרצע אומטיילונג). דיזער נאָמען שטאַמט פון דעם קלאַנג וועגען דער פאַנאַנדערטיילונג פון די ערד, וועלכער ס'האָט זיך האַרטנעקיג געהאַלטען צווישען די בויערן. די אמונה אין דיזען קלאַנג האָט אפילו דער צירקוליאַר פון מיניסטער מאַקאָוו אין 1879-טען יאָהר אויך ניט געקענט אָבשוואַכען. איידער מען האָט אויסגעפיהרט פון דער וועלט די לייבאייגענשאַפט, האָבען געזאָגט די בויערן, האָבען אויך די פּריצים און די בעאַמטע געסטאַרעט זיך איינצושטילען די רייד וועגען „פרייהייט"; איצטער ווילען זיי אויך דאָס זעלבע טהאָן מיט'ן קלאַנג וועגען דער שוואַרצער אומטיילונג; די גאַנצע ערד, אויך די פּריצישע, האָט מען געזאָגט, וועט סוף כל סוף פאַנאַנדערגעטיילט ווערען צווישען די בויערן.

כדי אָבער די רעוואָלוציע זאָל בעקומען אַ'ן עקאָנאָמישען און סאָציאַלען כאַראַקטער און כדי צו פערזיכערען פאַר'ן פאָלק די פרוכ-

טען פֿון קאַמפּף, מוז מען אָרגאַניזירען דאָס פֿאָלק גופא. אויף וועמען דען ווילען זיך די „נאַראָדאָוואָלצעס" שטיצען בעת דער רעוואָלוציע? אויף דער אַרמעע, ווי אויף דער איינציגער אָרגאַניזירטער מאַכט? עס איז איהר אונמעגליך צו געווינען פֿאַר דער רעוואָלוציע! אויף דער בורזשואַזיע און די געבילדעטע? זיי האָבען אָבער ניט קיין זעלבסטשטענדיגע מאַכט און זיינען צו ענג פֿערבונדען מיט דער רעגירונג, זיי זיינען צו אונגעניט, שרעקעדיג און דערצו האָבען זיי זיך נאָך ניט אויסגעבילדעט פֿאַר אַ קרעפֿטיגען קלאַס מיט אַ קלאָרען בעוואוסטזיין פֿון זייער קראַפֿט און זייערע אינטערעסען. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז די איינציגע שטיצע איז די אינטעליגענטע יוגענד און איינצעלנע פֿערזאָנען פֿון פֿערשיעדענע קלאַסען און לעבענסלאַגען; פֿון זיי בעשטעהט דער עקר די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי; עס איז אָבער אַ גרויסער טעות צו גלויבען, אַז דיזע קרעפֿטען זיינען גענוג. אָבער, טענה'ן די טעראָריסטען, דיזער קליינער הייפֿעל איז שרעקליך צוליעב די מיטלען, וועלכע ער ווענדעט אָן. — גוט, ענטפֿערען אויף דערויף די „טשאָרנאָפּערעדעלצעס", נאָמיר זיך פֿאָרשטעלען, אַז די דערשראָקענע רעגירונג גיט אַ קאָנסטיטוציע — וואָס וועט אָבער דערפֿון אַרויסקומען? די בורזשואַזיע וועט בעקומען אַ דעה אויף דער געזעצגעבענדער מאַכט און איהר אויסבילדונג וועט זיך פֿערגיכערען דורך די צאָללפּאָליטיק, דורך הלואות, דורך די אונטערשטיצונג פֿון פֿערשיעדענע אייזענבאַהן- און אינדוסטריע-געזעלשאַפֿטען. צו גלייכער צייט וועט די בורזשואַזיע אָנפּאַלען אויף'ן קהל'שען ערדאייגענטהום, וועלכער עס שטעהט אין וועג צו דעם איינקויף פֿון ערד. אין דעם פרט איז אויך כאַראַקטעריסטיש די בקשה פֿון דער מאָסקווער בירזשע צו דעם פֿינאַנסמיניסטער גרייג, אַז וועגען אַלע פֿינאַנסיעלע אונטערנעהמונגען פֿון דער רעגירונג זאָל מען איהר געבען צו וויסען און מען זאָל זיי דורכפֿיהרען, ווי עס פּאַסט פֿאַר איהרע אינטערעסען. די הייגטיגע בורזשואַזיע וועט שוין געפֿינען שריפֿטשטעלער, וועלכע עס וועלען פֿאָרמולירען איהרע פֿאָדערונגען און די בעריכטען פֿון די פֿערשיעדענע קאָמיסיעס און געזעלשאַפֿטען בעווייזען, אַז די בורזשואַזיע טענדענצען זיינען שוין גענוג שטאַרק געוואָרען און זיינען גרייט צו פֿערנעהמען די פּאַרלאַמענטאַרישע אַרענע. די קאַפּיטאַליסטען, פּראָצענטניקעס, געלעהרטע, אַדוואָקאַטען, ליטעראַטען, — פֿאַר זיי אַלעמען וועט געשאַפֿען ווערען די קאָנסטיטוציע. אויף דער וואַהלאַגיטאַציע איז ניטאָ וואָס צו האָפֿען; עס וועלען, פֿערשטעהט זיך, זיין הייסע וכוחים, אפשר אפילו אויך אונרוהען, אָבער קיין גוטס וועט דערפֿון ניט אַרויסקומען. די רעזולטאַטען פֿון די וואַהל'ען וועלען זיין די זעלבע, ווי ביי די איצטיגע וואַהלען אין ראַטהויז פֿון שטאָדט און אין די זעמסטוועס. אין די שטעדט וועט מען אויסקלייבען די גרויסע סוחרים אין די דערפער — אַ רייכען, בעל-הביתשען בויער אָדער אויך אַ פריץ. פשוט מחמת דעם, ווייל דאָס פֿאָלק איז עקאָנאָמיש אָבהענגיג פֿון דיזע לייט. מען וועט זיך אויך דערביי ניט אָבזאָגען פֿון שוחד און אינטריגען, פֿון אָנשרעקען דעם פשוט'ען עולם; עהרליכע מענשען אָדער פשוט'ע בויערן וועט מען אפשר אויך אויסקלייבען, אָבער פֿון זיי וועט בלייבען גאָר אַ קליינע צאָהל, מחמת דעם, וואָס ביי די וואַהלען וועט מען שיינע עטליכע מאָל „איבערזיפּען" די אויסגעקליבענע. פֿאַר אַזאַ פֿאָלקספֿערטרעטונג און פֿאַר אַזאַ קאָנסטיטוציע וועט דאָס פֿאָלק ניט לייגען דעם לעבען.

דערווייל, איז אין דעם משך פֿון 1880-1881-טע יאָהרען פֿאַר די סאָציאַליסטען אַלץ קלאָרער געוואָרען, אַז עס איז אונמעגליך ווייטער צו פֿיהרען אַ געהעריגע אַגיטאַציע, ווייל עס פֿעהלט דערצו די

נויטיגע בעדינגונג — די פּאָליטישע פרייהייט, די אָפּטע אַרעסטען
און דאָס פּער,משפּט'ען צום טויט האָבען נאָך מעהר פערגרעסערט די
אונצופרידענהייט. דאָ איז פאָרגעקומען דער ערפאָלגרייכער אַטענטאַט
פון 1-טען מערץ 1881; פיעלע פיהרער פון דער פּאַרטיי האָט מען
אַרעסטירט און די איבעריגע האָבען געמוזט ענטלויפען און איבער דעם
זיינען די פּאַרטיי ענינים איבערגעגאַנגען אין אַנדערע הענד. אַ סך
אומשטענדען האָבען געבראַכט דערצו, אַז די „טשאָרנאָ-פּערעדעלצעס"
זאָלען מודה זיין, דאָס פּאָליטישע פרייהייט און זיכערע פּערזענליכע
רעכטע וועלען אויך אין עקאָנאָמישער בעציהונג קענען ברייגען אַ
טובה פאַר'ן פאָלק. אין 4-טען נומער פון „טשאָרני-פּערעדעל" געפינען
מיר וועגען דעם אַ'ן אַרטיקעל; ביי אַ קאָנסטיטוציע וואָלטען די רדיפות
אויף די סאָציאַליסטען ניט געווען אַזוי האַרט, עס וואָלט מעגליך גע-
ווען צו אָרגאַניזירען אַ פּאַרטיי און אַרויסשטעלען אייגענע קאַנדידאַ-
טען, די בעציהונג פון דעם פּאַרלאַמענט צו די סאָציאַליסטישע פּאָ-
דערונגען וואָלט אויף'ן קלאָרסטען אופן בעוויזען דעם פאָלק, אַז פון
די פרידליכע רעפאָרמען וועט ער זיך גאָר נישט דערוואַרטען און אַז
דורך אַ רעוואָלוציע וועט ער זיך צו אַלץ קענען דערשלאָגען. די פּאַר-
טיי פערזאַמלונגען און די וואַהלען וואָלטען אונפערמידליך אַרויסגערו-
פען אַ'ן אויפרודערונג צווישען דעם עולם, וועלכע מען וואָלט געקענט
אַגיטאַטאָריש אויסנוצען. דער מחבר ענדיגט זיין אַרטיקעל מיט דער
בעמערקונג: אפשר וועלען מיר מיינע פריינד האַלטען פאַר אַ אָפּאָר-
טוניסט; אָבער מודה זיין, אַז די קאָנסטיטוציע קען ברייגען אַ שטי-
קעל נוץ און מאַכען איהר פאַר אַ לעצטען ציעל — דאָס זיינען צוויי
פערשיעדענע זאַכען.

כדי צו פערזיכערען פאַר'ן פאָלק יענע עקאָנאָמישע נוצען, וועלכע
ער קען האָבען פון דער פּאָליטישער איבערקערענים, דאַרף מען זיך
ניט אָבשטעלען נור בלויז אויף דער אינטעליגענטנער יוגענד, מען מוז
זיך אויך ווענדען צום פאָלק („טשאָרני פּערעדעל" No 1) אין דער רו-
היגער צייט מוז מען דאָס פאָלק אָרגאַניזירען און בעת דער רעוואָלוציע
— אָנפיהרען. ווען די אַגיטאַציע וועט ניט פערנעהמען דאָס גאַנצע פאָלק,
מוז מען אָבער דאָך לכל הפחות אָרגאַניזירען דעם קלענערען טייל פון
איהם אין אויסבילדען אַ שטאַרקע קאַמפף'ס-פּאַרטיי פון פאָלק גופא,
וועלכע זאָל קענען אַרויסטרעטען אין דעם ענטשיידענען מאָמענט און
אונטערשטיצען די בעוועגונג פון די שטעדט. אָרגאַניזאַטאָרישע טאַלאַנ-
טען וועלען זיך שוין אויסבילדען אין דער פּראַקטיק גופא; זיי וועלען
זיך אויך געפינען טאַקי צווישען דעם פאָלק, און דאַן וועט די אַרבייט
געהען מיט מעהר ערפאָלג און וועט ניט אַזוי גיך בעמערקט ווערען
פון דער פּאָליציי. די סקעפּטיקער מאַכען געוועהנליך אַוועק אונטערען
האַנד דיזע גוטע מעלות פון רוסישען פאָלק. ביי אַזאַ געהיימער אַגי-
טאַציע איז אויך פאַר דער פּאָליציי ניטאָ וואָס מורא צו האָבען; אָט
האָט דאָך דער טעראָריזם געהאַט אַ'ן ערפאָלג, ניט קוקענדיג אויף
איהרע רדיפות! די רעוואָלוציע אָבער שטעהט שוין פאַר די אויגען
און מען מוז זיך ווי געהעריג איז צוגרייטען צו איהר, אויף דריי פער-
שיעדענע פּעריאָדען קען מען צוטיילען די צייט, וואָס איז נאָהענט צו דער רע-
וואָלוציע. פון אָנהויב איז דער סאָציאַלער חלאת ווייניג ענטוויקעלט; אין
פאָלק הערשט אַ פרידליכע שטימונג; עס וועגט אַריבער דער פערלאַנג
אויסקומען מיט גוטען און אויסגלייכען אַלע ספסוכים דורך פרידליכע
מיטלען. דאָס איז דער פּעריאָד פון פּאַסיווע פּראָטעסטען, פון שתדלנות
און בקשות. דאַן קומט דער פּעריאָד פון אַקטיווע פּראָטעסטען; ער
הייבט זיך אָן, ווען די אמונה אין לעגאַלע וועגען ווערט פערלאָרען,

און דריקט זיך אויס אין דער פֿערמעהרונג פֿון די פֿערברעכען געגען
אייגענטהום און אַלערליי אַגראַר-פֿערברעכען און אין קליינע בונטען.
אין דעם משך פֿון דיזען צווייטען פעריאָד געהען שטענדיג אַרום צווי-
שען פֿאָלק פֿערשיעדענע קלאַנגען. ענדליך, ווען אַלע סאָציאַלע, עקאָנאָ-
מישע אין פּאָליטישע הפוכים ענטוויקלען זיך ביז צום העכסטען גראַד,
דאַן גיסען זיך צונויף במעט אין איין אויגענבליק אונטער דעם אײַנפֿלוס
פֿון אַ וועלכער ניט איז צופֿעליגער וויכטיגער פּאַסירונג — אַלע קליינע
אָבגעזונדערטע שטרעמונגען אין איין רעוואָלוציאָנערען שטראָם, וואָס
מאַכט חרוב דעם בנין פֿון דער אַלטער אָרדנונג; עס קומט די איבער-
קערעניס. רוסלאַנד לעבט איבער דעם צווייטען פעריאָד. די לאַגע פֿון
איהרע בויערן איז עהנליך צו דער לאַגע פֿון די פֿראַנצויזישע בויערן אין
סוף פֿון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. מען מוז איצט אָרגאַניזירען דאָס
פֿאָלק, אַז ניט ווערט די פּאָליטישע רעוואָלוציע דורכלייפֿען ווי אַ שטורם
איבער דער גאַנצער מדינה און ווערט קיינע עקאָנאָמישע נוצען דעם
פֿאָלק ניט ברייגנען.

די „טשאָרנאָ פערעדעלצעס" האָבען בשום אופן ניט אָבגעלייקענט,
אַז דער טעראָר קען ברייגנען אַ פּעולה. גרויסע טעראָריסטישע אַקטען
קענען צוועקמעסיג דינען פֿאַר פֿונקען אויף צו פֿאַרנאַנדערפֿלאַמען
די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג. אַן אונגעריכטער און אַ שטאַרקער קלאַפּ
פֿון אויבען און אַ סך סיסטעמאַטישע אָנפֿאַלונגען פֿון אונטען
וועלען צערשטערען דעם אַלטען עקאָנאָמישען און פּאָליטישען בנין און
אויף זיינע חורבות וועט אויפֿבליהען די נייע אָרדנונג. שפעטער
(אין No 4) לויבען זיי דעם טעראָר דערפֿאַר, וואָס ער ערוועקט אין
פֿאָלק די אמונה אין זיינע אייגענע קרעפֿטען; דער אָפֿענער קאַמפּף
געגען צאַריזמוס פֿיהרט אַרויף דאָס פֿאָלק אויף דעם געדאַנק אַליין
אָנצוהויבען אַ'ן אַקטיווען קאַמפּף; עס פֿאַלט די אמונה אין דעם צאַר,
די אייגענע קרעפֿטען הויבט מען אָן העכער צו שעטצען. נאָר אַזוי ווי
איצטער איז קודם כל נויטיג צו אָרגאַניזירען אין פֿאָלק אַ קאַמפּף'ס-
פּאַרטיי דער עקר אין די דערפֿער, טאָר מען איצטער ניט קאָנטצענט-
רירען די הויפט קרעפֿטען פֿון דער פּאַרטיי אויף'ן קאַמפּף מיט דער
רעגירונג.

דער גרויסער ערפֿאָלג פֿון די טעראָריסטען האָט געהאַט אַ'ן אײַנ-
פֿלוס אויך אויף דער ריכטונג פֿון זייערע געגנער, פֿון די „טשאָרנאָ-
פערעדעלצעס", זיי האָבען אָנגעהויבען צו גלייבען אין די נוצען פֿון
דעם טעראָר און זיינען געקומען צום געדאַנק צו פֿערבינדען איהם מיט
זייערע ציעלען. אין דעם משך פֿון 1881-טען יאָהר איז די פּאַרטיי שוין
אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז זי האָט אָנגעהויבען צו נאַרייען דעם סיס-
טעמאַטישען טעראָר אין דאָרף און אין דער פֿאַבריק. צווישען פֿאָלק
דאַרפֿען זיך בילדען קאַמפּף'ס גרופען און מיט דער הילף פֿון די ענער-
גישע און מוטיגע פֿערטרעטער פֿון פֿאָלק דאַרפֿען זיי פֿיהרען אַ שטענ-
דיגע מלחמה מיט זיינע פֿיינד. דערפֿון איז ניט געדרונגען, אַז מען
דאַרף הרג'ענען יעדען פֿאַבריקאַנט און יעדען פריץ; אין דעם פֿאָלק זיינען
די גוטע מדות טיעף אײַנגעפֿלאַנצט געוואָרען און ער קען זיך לאָזען אויף
אַ הריגה סיידען נור, ווען דערצו זיינען דאָ גענוג וויכטיגע טעמים. אָבשאַ
צען צו וועלכען גראַד עס דאַרף דערגעהען די שולד פֿון פריץ, אַז מען
זאָל איהם שוין מעגען טויטען—דאָס איז, פֿערשטעהט זיך, אינמעגליך,
מען טאָר זיך דערביי ניט פֿערלאָזען אויף דעם אייגענעם משפּט, ווייל
די פּערזענליכע געפֿיהלען געגען געגנער קענען אָפֿט אַראָבפֿיהרען פֿון
אַ ריכטיגען וועג. מען מוז זיך צוהערען צו דער פֿאָלקס שטימע איידער
מען טויטעט איינעם. נור דער חויש פֿון פֿאָלק קען דינען אין יעדען

איינצעלנעם פֿאַל פֿאַר אַ ריכטיגען וועגווייזער, אויב עס איז נויטיג די הריגה אָדער מען קען זיך בעגעהן מיט אַ ווייכערען שטראָף, ווען דיזער אַרט טעראָר וועט געפֿינען חן ביים פֿאָלק און ווען דאָס פֿאָלק וועט דערזעהן, אַז זיינע שונאים פֿאַלען פֿון פֿערבאָרגענע הענד, וועלכע עס פֿיהרען אויס זיין גערעכטען משפּט — דאַן וועט זיין דפק אָנהויבען שטאַרקער צו שלאָגען, אין איהם וועלען ערוואַכען דאָס זעלבסטבעוואוסטזיין און דאָס געפֿיהל פֿון זיין אייגענער עהרע. און דערצו עפֿענט זיך אויך ביי דיזער פֿאָרם פֿון קאַמפֿף אַ ברייטערע בימה פֿאַר דער פערזענליכער איניציאַטיווע. פֿאַר אַ מוסטער האָט מען אַרויסגעשטעלט די אירלאַנדער אָרגאַניזאַציעס אין זייער טהעטיגקייט, לגבי דעם טעראָר זייַנען שטרייקען און פֿאָלקס מרידות אַזאַ אַרט-מיטלען, וועלכע עס פֿאָדערן אַ לאַנגערע צייט. זיי ווענדען זיך ניט אָן דעם ווילען פֿון דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי און קענען אַויסברעכען נור ביי געוויסע בעדינגונגען. אמת, אויך זיי האָבען אַ וואָסערע ניט איז בעדייטונג, אָבער אין דער איצטיגער צייט מוז שטעהן אויף׳ן ערשטען פּלאַן דער אַגראַר- און פֿאַבריק-טעראָר; דאָס פֿאָלק האָט זיך שוין פֿאַר איהם גענומען, צ. ב., פֿאַר אונטערצינדען פּריצעשע הייזער אין פֿאַר יודישע פּאָגראָמען. אָבער אַזוי ווי ער איז נאָך ניט אָרגאַניזירט, ברייננט ער נאָר אַ קליינע פּעולה.

אויף אַזאַ אופן זייַנען נאָך דעם געלונגענעם אַטענטאַט פֿון 1-טען מערץ די בײדע פּאַרטייען אַ סך נעהענטער געוואָרען איינע צו די אַנדערע ווי נאָך זייערע ציעלען, אַזוי אויך נאָך זייערע מיטלען נאָך. קיין הפוכים האָבען זיך שוין אייגענטליך אין די פּראָגראַמען פֿון די בײדע פּאַרטייען ניט געפֿונען; דער גאַנצער חילוק צווישען זיי איז איצטער בעשטאַנען נור אין דעם, וואָס ביי איין פּאַרטיי איז אויף׳ן ערשטען פּלאַן געשטאַנען גראַדע דאָס, וואָס די אַנדערע האָבען געהאַלטען פֿאַר ווענינער וויכטיג אין דיזען מאָמענט. די „טשאָרנאָ-פּערעדעלצעס" האָבען שוין מעהר ניט אָבגעלייקענט די נויטיגקייט פֿון פּאָליטישע פֿרייהייט און פֿון אַ קאָנסטיטוציע, זיי ווייזען אָבער אויף, אַז מען מוז דאָס פֿאָלק, דעם עקר די בויערן, אָרגאַניזירען, כדי ער זאָל קענען בעקומען אַ׳ן עקאָנאָמישען נוטץ פֿון דער רעוואָלוציע. זיי האָבען צוליב דיזען צוועק אַרויסגעגעבען אַ׳ן אַרבייטער-צייטונג „זערנאָ" אין דעם משך פֿון 1881-טען יאָהר (זעקס נומערן). די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָבען אָנגעוואָרען זייער אמונה אין די ליבעראַלען און האָבען אויפֿגעהערט צו לויגען אויף זיי אַ האָפֿנונג; דעריבער ווענדען זיי זיך ווידער צום פֿאָלק, און ווי אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געאַרבייט אין די שטעדט, צום שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט; איך האָב שוין דערמאָנט, אַז זשעליאַבאָוו און אַנדערע טעראָריסטען האָבען געבילדעט אַרבייטער פֿעראיינען און האָבען אַרויסגעגעבען די „אַרבייטער צייטונג" (זעקס נומערן). בײדע פּאַרטייען האָבען שוין איצט געהאַט בדעה צו אָנווענדען טעראָר, נאָר איינע כדי צו דערשלאָגען זיך צו פּאָליטישע פֿרייהייט, די אַנדערע פּאַרטיי—כדי צו געווינען דורך איהם דאָס פֿאָלק, פֿערשטאַרקען זיין אמונה אין די אייגענע קרעפֿטען און דערנאָך שאַפֿען צווישען איהם קאַמפֿף׳ס אָרגאַניזאַציע. דער דריטער פּונקט, אין וועלכען די פּאַרטייען האָבען ניט מסכים געווען, איז געווען די אָרגאַניזאַציאָנס פֿראַגע. דער ס׳רוב פֿון די פֿריהערדיגע פֿעדעראַליסטען, וועלכע עס האָבען נאָך ניט פֿערגעסען די רמאות׳ע גאַנגען פֿון נעטשאַיעווען, האָבען ניט געקענט מרוצה ווערען מיט די אויבערהערשאַפֿט פֿון אַ׳ן אַלמעכטיגען קאָמיטעט, וועלכער עס האָט געהאַלטען פֿון זיי בסוד זיינע כונות. פֿאַר די „טשאָרנאָ-פּערעדעלצעס" האָט נאָך צוליב דעם בעסער געפּאַסט ניט אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע, ווייל זיי האָבען דער ס׳רוב געאַרבייט בעזונדערוויַיז

אין די דערפֿער און פֿלטגען זיך אָבגעבען מיט דער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט, וועלכע עס הענגט זעהר אַ סך אָב פֿון די פּערזענליכע פֿעהיגקייטען פֿון דעם אַגיטאַטאָר. מיט דיזען אָרגאַניזאַציאָנס פּרינציפּ זיינען אויך געווען ענג פֿערבונדען די פֿעדעראַליסטישע טענדענצען פֿון דיזער פּאַרטיי. איהר צייטונג האָט זיך גערופֿען „דער אָרגאַן פֿון די סאָציאַליסטען-פֿעדעראַליסטען", און זי האָט ערקלערט, אַז אַ נאָרמאַלע, אַ געזונטע ענטוויקלונג קען פֿערזיכערט ווערען נור דורך דער פֿאָלקאָמענער בעזייטיגונג פֿין יעדען צוואַנג; יעדער אָרט דאַרף האָבען די מעגליכקייט פֿון אַ אויטאָנאָמיע, זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג, ווייל די בעפֿעלקערונג האָט אומעטום איהרע בעזונדערע פֿאָלקס אייגענטעמליכקייטען; ווי ווייט דער פֿעדעראַליסטישער פּרינציפּ קען מיט אַ מאָל דערגרייכט ווערען, איז שווער פֿריהער צו זאָגען.

פֿונדעסטוועגען האָט איינער פֿון די טיכטיגסטע אָרגאַניזאַטאָרען פֿון דיזער פּאַרטיי, יאַקאָב סטעפֿאַנאָוויטש, נאָך אין 1880-טען יאָהר אָנגעהויבען צו פֿאָדערן אַ שטרענגע צענטראַליזאַציע אין די אַגיטאַציאָנס ענינים; דער גראַד פֿון דער צענטראַליזאַציע קען זיך ענדערען לויט נאָך׳ן אָרט און דער צייט נאָך; אויך האָט ער ניט בדעה אַיינצופֿיהרען אַ פֿערבאָרגענעם קאָמיטעט און נעטשאַיעווס טאַקטיק; ער האַלט אָבער פֿאַר נויטיג צו שאַפֿען אַזאַ מיטעלפּונקט, וועלכער עס זאָל געבויט זיין אויף דער הסכמה פֿון אַלע אַקטיווע קרעפֿטען פֿון דער פּאַרטיי. ער קלאָגט זיך, אַז מען איז ניט געוואָהנט און מען האָט ניט האָלט צו אַרבייטען נאָך אַ געוויסער דיסציפּלין. ער פֿאַלט אָן אויף׳ן שאַרפֿסטען אופֿן אויף׳ן דור הפלגה, וואָס הערשט אין דער געדאַנקען-וועלט פֿון דער פּאַרטיי. יעדע איינצעלנע גרופּע שטעלט זיך ניט אָב אויף אַ וועלכע גיט איז פּראַקטישע אַרבייט, ווי למשל די טעראָריסטישע פּאַרטיי, וועלכע עס לויגט אַוועק אַלע איהרע קרעפֿטען אויף איין ציעל, אויף דער הריגה פֿון קיסר; פֿערקעהרט, יעדע גרופּע מאַכט אַלערלייי פֿערוויקעלטע פּלענער. צ. ב. די גרופּען פֿון דרום שטעלען זיך פֿאָלגענדע אויפֿגאַבען: 1) עקאָנאָמישער טעראָר, 2) פּאָליטישער טעראָר, 3) געהיימע אַגיטאַציע, 4) פּראָפּאַגאַנדע צווישען טיכטיגערע מענשען פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע שיכטען, 5) פֿערבינדונגען מיט אַנדערע נעהענטערע גרופּען, 6) אַיינפֿיהרען פֿערבינדונגען מיט׳ן חיל און דער אַדמיניסטראַציע. אויך אַזוי פֿיעל פֿאַרביג איז די רשימה פֿון די ציעלען און די מיטלען פֿון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פֿערעפֿענטליכט איהר פּראָגראַם אין דאָס „פֿרייע וואָרט" פֿין 3-טען נאָוועמבער 1881 *. דער נאַטירליכער רעזולטאַט פֿון דיזער דעזאָרגאַניזאַציע פֿון דער פּאַרטיי איז אַזאַ, אַז אין די פּראָגראַמען געפֿינען מיר נאָר גוטע און וואוילע כוכות אָבער ניט ציעלען, וועלכע מען זאָל זיך אויף׳ן וואָסערען ניט איז אופֿן סטאַרען צו דערגרייכען. און דערפֿין קומט עס אַרויס, זאָגט סטעפֿאַנאָוויטש,

* ווי קליין עס זיינען געווען דיזע צענטראַליזירטע גרופּען קען מען זעהען פֿון דער ידיעה. וואָס איז געווען אָבגעדרוקט אין „טשאָרנאָ-פּערעדעל" (No 1) פֿון 15-טען דעצעמבער 1879: אין קיעוו האָבען דאַמאָלסט עקסיסטיט דריי חברות, וואָס זיינען געווען ענג פֿערבונדען איינע מיט די אַנדערע אין האָבען אין גאַנצען געהאַט 36 מיטגליעדער. אַ טייל פֿין זייערע חברים האָבען זיי געשיקט אין די נאָהענטע פֿאַבריק-עָרטער צוליב פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, אין אַ׳ן אַנדער אָרט האָבען פֿינף מענשען געבילדעט אַ גרופּע אין האָבען אָנגענומען זייער פּראָגראַם; זיי קלאָגען זיך אויף דעם דחק אין געלד; אין קאַסע האָט זיך געפֿונען בלויז 20 — 30 רובעל.

וואָס ביי אַל איהר בלענדענדען גלאַנץ שטעהט דאָך אָב די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד פֿון אַלע איבריגע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין אויראָפּאַ, בנוגע צו איהר קראַפֿט אין דער טיפֿקייט פֿון די וואָרצלען, וואָס זי האָט געלאָזען אין די פֿאָלקס-מאַסען. מיט'ן פֿאָלק איז זי פֿערבונדען נור אין איהרע געדאַנקען און געפֿיהלען. די גאַנצע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע האָט אפשר אויפֿגעטהון וואָס עס איז אין די שטעדט, אָבער צווישען די בויערן גאָרנישט.

ווען אַפֿילו יאַקאָב סטעפֿאַנאָוויטש, דער טיכטיגסטער אָרגאַניזאַטאָר צווישען די נאַראָדניקעס, האָט צו פּעסימיסטיש געקוקט אויף דער פּאַרטיי, נאָר בעצם איז ער אָבער דאָך געווען גערעכט. די נאַראָדאָוואָלצעס האָבען מעהר אויפֿגעטהאָן אויף צו דערגרייכען זייערע ציעלען, איידער זייערע געגנער. פֿון דער טהעטיגקייט פֿון די „טשאָרנאָפּערעדעלצעס" האָט מען אייגענטליך גאָר גישט געהערט. דעם 28-טען יאַנואַר 1880 האָט מען אַרעסטירט זייער געהיימע דרוקעריי. אין מאָסקווע האָט מען אַרעסטירט זשאַרקאָוו'ן, וואָס האָט פֿריהער געאַרבייט אין דיזער דרוקעריי און מען האָט איהם געזאָגט, אַז מען וועט איהם צום טויט פֿער'משפּט'ן. פֿאַר שרעק האָט ער אַרויסגעגעבען זיינע חברים. נאָך דעם ווי מען האָט איהם בעפֿרייט, האָט מען איהם געטויטעט אויף'ן אייז פֿון דער נעווקי. איבער זיין מסירה האָט מען אַרעסטירט אַ סך געניטע פֿיהרער און זייער אָרט האָבען פֿערנומען מענשען, וועניגער בעדייטענדע, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געשטאַנען נאָהענט צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס אין די שפּעטערע נומערן פֿון „טשאָרני פּערעדעל", בעזאָנדערס אין דעם פֿיערטען פֿון 19-טען סעפּטעמבער 1881, געפֿינען מיר אַ גרעסערען אָבשיי פֿאַר די פּרינציפּען פֿון די נאַראָדאָוואָלצעס, איידער אין די פֿריהערדיגע. איבערהויפּט האָבען די נאַראָדאָוואָלצעס צוליעב זייער גרויסען ערפֿאָלג פֿון דעם 1-טען מערץ 1881 צוגעצויגען צו זיך אַלע ענערגישע קרעפֿטען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. מענשען, ווי, צ. ב., פּעראָווסקאַיאַ, וואָס האָבען זיך געציעלט צו אַ וועלכער ניט איז אַרבייט, וואָס זאָל האָבען אַ ממשות, האָבען דאָ געפֿונען פֿאַר זיך אַ'ן אָרט, בעת ביי די „טשאָרנאָפּערעדעלצעס" וואָלט פֿון זייער אַרבייט גאָר נישט אַרויסגעקומען. די רדיפֿות פֿון דער רעגירונג האָבען מתקרב געווען ביידע פּאַרטייען און די קרעפֿטיגערע אָרגאַניזאַציע פֿון די נאַראָדאָוואָלצעס האָט איינגעשלונגען די פֿערשיעדענאַרטיגע גרופּען פֿון די טשאָרנאָפּערעדעלצעס. דיזע גרופּען פֿיהלען זיך שוואַך און אָבגעריסען און האַלטען, ווי עס ווייזט אויס, אין גאַנצען ביים פֿאַנאַנדערפֿאַלען. עס איז אַ ספק צו האָבען זיי אַ האָפֿנונג אויף אַ צוקונפֿט. אַזוי זיינען אין 1881-82-טע יאָהרען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי פֿון די נאַראָדאָוואָלצעס די בעדייטענדסטע מיטגליעדער פֿון „טשאָרני פּערעדעל", ווי סטעפֿאַנאָוויטש, וואָס האָט זיך אין סעפּטעמבער 1881 אומגעקעהרט צוריק און וועלכען מען האָט ווידער אַרעסטירט אין פֿעברואַר 1882, און אויך אַ סך פּראָפּאַגאַנדיסטען, וואָס זיינען אפילו ביז אַהער געשטאַנען אַליין, אָבער וועלכע עס איז דאָך נמאס געוואָרען דאָס סיסטעם פֿון זיצען און וואַרטען. נאָר בלויז די פֿערקאָכטע אַנאַרכיסטען האָבען זיך ניט אָבגעגעבען אין דעם רשות פֿון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט *

* אין זיין אַרטיקעל „די ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַלרעוואָלוציאָנערער בעוועגונג", מאַכט אַקסעלראָד אַ צו גרויסען וועזען פֿון דער גאַנץ-אונבעדייטענדער טהעטיגקייט פֿון דער אייגענער פּאַרטיי, פֿון דעם צפֿון-בונד, וואָס האָט זיך גערופֿען „זעמליאַ אי וואָליאַ" און וועלכער

אין דעם משך פֿון דיזע טומעלדיגע יאָהרען (1881-1880) איז קיין דחק ניט געווען אין קליינע פֿאָלקס אונרוהען און פֿערשיעדענע קלאַנגען, וועלכע די „טשאָרנאָפּערעדעלצעס“ האָבען געהאַלטען פֿאַר אַ סמן פֿון דער צווייטער פֿאָרשטופּע פֿון דער רעוואָלוציע. אָבער דיזע אונרוהען האָבען דורכאויס געטראָגען אַ'ן אָרטיגען כאַראַקטער, האָבען געהאַט זייערע אייגענע קאָנקרעטע אורזאַכען און מען האָט זיי ניט געקענט אויסנוצען אין סאָציאַליסטישען זין. דאָ האָבען די בויערן געבונטעוועט איבער דעם, וואָס דער פּריץ האָט אָבגענומען די פֿעלדער אויף צו פֿיטערען דעם פֿיה, אין אַ'ן אַנדער אָרט איבער אַ נייער פֿאַנאַנדערמעסטונג פֿון דער ערד; דער בונט פֿון די „באָסיאַקעס“ אין ראָסטאָוו אויף'ן דאָן דעם 2 טען אַפּריל 1880 איז פֿאָרגעקימען איבער דעם, וואָס אַ פּאָליציסט האָט זיך ווילד בעגאַנגען מיט אַ שכור'ען, וועלכען ער האָט געשלעפּט פֿאַר די האָר אין צירקעל. דער עולם פֿון גאַס האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף דעם פּאָליציסט, האָט איהם געשלאָגען מכות רצח, דערנאָך פֿאַנאַנדערגעטראָגען די פּאָליציי און די דירה פֿון דעם פּאָליצמייסטער און האָט זיך געלאָזען צום געפֿענגניס. אויף'ן וועג האָט איינער אַ איד, וואָס האָט מורא געהאַט פֿאַר זיין בראַנפֿען-לאַגער, אַרויסגעשטעלט פֿאַר די „בונטאָוושציקעס“ אַ פֿעסעל בראַנפֿען. דער עולם האָט זיך אַזוי אָנגעטרונקען, אַז ער האָט שוין ווייטער ניט געקענט אַרויסווייזען זיין גבורה. אומזיסט האָבען איינגע סאָציאַליסטעזצוריסען זיך שרייענדיג פֿערשיעדענע פֿרייהייט אויסרופֿען — דער טומעל איז געבליבען אַ'ן איינפֿאַכער בונט אָהן אַ שום פּאָליטישען כאַראַקטער. מען קען אָבער, אגב, אויך ניט אָבלייקענען, אַז דער אָפּאָזיציאָנעלער גייסט פֿון פֿאָלק ווערט פֿערשטאַרקט דורך אַזעלכע אָפֿטע איפֿרעגונגען געגען דער אַדמיניסטראַציע.

פֿערקעהרט, די קלאַנגען, וואָס פֿלעגען אַרומגעהן אין פֿאָלק, האָבען צום טייל געשטאַמט דירעקט פֿון דער אַגיטאַציע, און די איבעריגע האָבען אויסגעדריקט געוויסע פֿערלאַנגען פֿון פֿאָלק, וועלכע די אַגיטאַציע האָט פֿאָרמולירט אין בראָשיורען. ווער עס האָט אַ גוסט צו בעקענען זיך מיט'ן גייסטיגען לעבען פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט האַלט אין די לאַנגע ווינטער נעכט, זונטאָג נאָך וואַרמעס, ביי דער אַרבייט אין אין שענק באריכות צו פֿילאָזאָפֿירען וועגען זיין איצטיגער לאַגע און וועגען זיין צוקונפֿט און וואָס גלויבט בתמימות, ווי אַ'ן עכטער נאַטורקינד, אין אַלע קלאַנגען (בעזאָנדערס ווען זיי זיינען געדרוקט), וועלכע עס האַלטען אונטער זיינע האָפֿנונגען און פֿערלאַנגען, — פֿאַר יענעם וועט געוויס אינטערעסאַנט זיין דער אינהאַלט פֿון איינגע קאָרעספּאָנדענצען אין די רעוואָלוציאָנערע צייטונגען.

דער קלאַנג וועגען דער „שוואַרצער אומטיילונג“ (טשאָרני-פּערעדעל) אין גרויסרוסלאַנד און וועגען דער „הערבאַרער שטונדע“ (סלושני טשאַס) אין קליינרוסלאַנד האָט זיך פֿערברייטערט כמעט איבער דער גאַנצער מדינה און האָט זיך האַרטנעקיג געהאַלטען זייט 1878-טען יאָהר; נאָך איהם נאָך וועט די גאַנצע ערד, אויך די פּריצ'ישע, פֿאַנאַנדערגעטיילט ווערען צווישען די בויערן און די שטייערן וועלען ווערען קלענער. דאָס זיינען דאָס אונבעוואוסטע סאָציאַליסטישע בעגעהרען פֿון אַ פֿאָלק, וואָס בעשעפֿטיגט זיך מיט ערדאַרבייט. אָפֿט בעקימען דיזע קלאַנגען אַ כאַראַקטער פֿון לעגענדען. אין איינגע דערפֿער דערצעהלט מען, אַז מען האָט, הייסט עס, געזעהען, ווי דער צאַר פֿאָהרט אַרום

---

עס האָט געהערט צו די איבערגעבליעבענע רעסטען פֿון דעם „טשאָרני פּערעדעל“.

און איז אומעטום גוזר צו פֿאַנאַנדערטיילען די ערד. אין איין געגענד פֿון סיביר דערצעהלט מען אַזאַ געשיכטע: דער צאַר האָט אָנגעטהאָן די בגדי מלכות און אַלע אָרדענס און מעדאַלען פֿון דעם קיסר פּאַוועל און איז אַזוי אַריין אין סענאַט. — „מיינע הערען סענאַטאָרען און סינאַדאָרען, האָב איך דאָס רעכט צו טראָגען דיזע אָרדענס?" — „ניין, מאַיעסטעט, איהר טאָרט זיי ניט טראָגען, ווייל איהר האָט זיי ניט פֿערדיענט". דעם זעלבען ענטפֿער האָט דער צאַר בעקומען, ווען ער האָט אָנגעטהאָן די אָרדענס פֿון ניקאָלאַי דעם I און אַלעקסאַנדר דעם I. צום סוף האָט ער אָנגעטהאָן נאָר זיינע אייגענע, וועלכע ער האָט געהאַט זעהר ווינציג. — „מעג איך טראָגען דיזע אָרדענס?". — „יע, דאָס האָט איהר רעכט צו טראָגען, דיזע אָרדענס האָט איהר פֿערדיענט!" — „איצטער זאָגט מיר, מיינע הערען סענאַטאָרען, פֿון וואַנען האָט איהר בעקומען אייערע ערד?",—האָט ביי זיי אַ פֿרעג געטהאָן דער קיסר. פֿון די ענטפֿערען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז איינער האָט בעקומען די ערד בירושה פֿון זיידען, דער אַנדערער פֿון שווער פֿאַר נדן אַ״ז. וו. — „האָט איהר דען דאָס רעכט צו בענוצען זיך מיט דיזער גאַנצער ערד?",—האָט אַ פֿרעג געטהאָן דער צאַר. די סענאַטאָרען און די סינאָדאָרען האָבען אַראָבגעלאָזען דעם נאָז, ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערען און האָבען געמוזט אונטער'חתמ'ענען אַ פּאַפּיר, אַז די ערד זאָל פֿאַנאַנדערגעטיילט ווערען, און אַלע, דער צאַר, יעדער פּריץ און יעדער בויער זאָלען בעקומען צו זיבען דעסאַטין. ביי יעדער ערדמעסטונג און ביי יעדער סטאַטיסטישער אונטערזוכונג מיינען די בויערן, אַז דאָס גרייט מען זיך צו צו דער „שוואַרצער אויסטיילונג" און פֿרעהען זיך, וואָס זייער בעגעהר ווערט מקוים. אין דער גוב. וואָראָניעזש רעכענט מען, אַז די גאַנצע ערד וועט געטיילט ווערען אויף גלייכע חלקים און די בויערן, ווי אויך די פּריצים וועלען בעקומען צו אַכט דעסאַטין אויף אַ נפש. מען ווייס נאָר נאָך ניט, אויב מען וועט די ערד אַוועקגעבען אַלס קהל'שען אייגענטום אָדער יעדערער וועט דאָס אַליין בעקומען, אויך ווייס מען ניט ווי פֿיעל וועט מען דאַרפֿען אויסצאָהלען פֿאַר די ערד. עס איז אויך געווען אַ מיטעלמעסיגערער קלאַנג, נאָך וועלכען מען וועט אַוועקגעבען די בויערן נאָר די טיילען ערד, וואָס זיי האָט געהערט פֿאַר דער בעפֿרייאונג פֿון לייבאייגענשאַפֿט און וועלכע מען האָט דערנאָך אַוועקגעגעבען די פּריצים; „די אָבגעשניטענע שטיקער" (אָטרעזקי) רופֿען אָן די בויערן דיזע ערדטיילען. דאָס רוב בויערן גלויבען אין דעם גוטען ווילען פֿון צאַר; אַנדערע רעכענען אָבער, אַז ער וועט זיך פֿון זייערטוועגען ניט וועלען קריגען מיט די גענעראַלען און פּריצים. די קליינרוסען רעכענען, אַז דעם צאַר האָבען גע'הרג'עט די פּריצים; די גראָסרוסען זיינען גרעסערע אַפּיקורסים; און ווען פֿון די שטעדט געהט אַרויס אַ קלאַנג, אַז די סאָציאַליסטען האָבען עס געטהאָן, זיינען זיי מוסיף: „און אפשר פֿאַר אונז". אין באָבראָוו אויעזד רעכענט מען, אַז די סטודענטען האָבען איהם גע'הרג'עט און זיי, די סטודענטען, הייסט עס, זיינען גוטע פֿריינד פֿון די בויערן. אין אַנדערע ערטער איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז די בויערן דאַרפֿען מעהר ניט פֿערדינגען זיך אויף אַרבייט ביי די פּריצים, אָדער זיי מוזען, לכל הפּחות, בעקומען ניט וועניגער ווי 40 רובל פֿאַר בעאַרבייטען אַ דעסאַטינע (איצטער צאָהלט מען 8 רובל).

די קלאַנגען וועגען דער טיילונג פֿון די ערד פֿלעגען, אמת, די רעוואָלוציאָנערען בעשטעטיגען און פֿאַנאַנדערטראָגען, אָבער ניט די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיי אויסגעטראַכט, זיי זיינען אַ רעזולטאַט פֿון די עקאָנאָמישע אַנזיכטען פֿון די בויערן. די ערד האָט גאָט בעשאַפֿען,

זאָגען די בויערן, און זי געהערט דעם פאָלק, און דער צאַר, ווי דער אמת׳ער פערהיטער פון דעם פאָלקס-אינטרעסען, האָט דאָס רעכט און איז אפילו מחויב אַכטונג צו געבען, אַז יעדער זאָל קענען בענוצען מיט „גאָט׳ס ערד". אָט ווי אַמאָל פלעגט מען זיך נאָך יעדער „רעוויזיע" (פאָלקס-צעהלונג) צוטיילען די ערד חלק לחלק צווישען די מיטגלידער פון יעדער געמיינדע, אַזוי קען מען איצטער צוטיילען די ערד צווישען די פערשידענע געמיינדען און שטאַנדען. אַ סך פריצים האָבען זייערע ערד „פערדינט" ביים קיסר צ. ב. אַלס גענעראַלען, אויך אַזוי ווי זיי דערדינען זיך צו אָרדענס; זייערע זיהן זיינען אָבער אפשר ליידיגגעהער, שלימזל׳ניקעס און זיי האָבען קיין רעכט ניט צו בענוצען זיך מיט די ערד, אַקוראַט ווי דער נייער קיסר טאָר ניט טראָגען די אָרדענס פון די פריהערדיגע קיסרים, ווייל ער האָט זיי ניט פערדינט.

ווען די פראָקלאַמאַציעס פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט פלעגען אַריינפאַלען אין וועלכע אַ ניט איז געגענד, פלעגט דערנאָך אַוועקגעהן אַ רייד אויף אַ סך צייט. אין סאַראַטאָווער גובערני האָט מען געמיינט, אַז דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט איז די רעגירונגס קאָמיסיע, וואָס מען האָט בעשטימט אויף אויסצואַרבייטען אַ פראָיעקט וועגען דער פערקלענערונג פון די אָבצאָהלונגען פאַר ערד; און די בויערן פלעגען שרייבען פעטיציעס צום עקזעקוטיוו קאָמיטעט דער גובערנאַטאָר האָט זיי געטרייסט. אַז עס איז דאָ אַ האָפנונג אויף אַ ערלייכטערונג. אַנדערע פראָקלאַמאַציעס פלעגען אַריינפאַלען אין די הענד פון דער פאָליציי, און ווען די בויערן פלעגען עס פאָדערן, פלעגט מען זיי דורכלייענען פאַר׳ן עולם, אויסטראַכטענדיג פון קאָפּ אַ׳ן אַנדער אינהאַלט. דאָס זעלבע פלעגט אויך געשעהן אין די קאַזאַרמען. אָבער יעדען מאָל פלעגען זיך אויך געפינען איניגע בויערן אָדער סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען בעקאַנט מיט׳ן אמת׳ען אינהאַלט פון די פראָקלאַמאַציעס און זיי פלעגען ערשט איצטער קלאָר דערזעהן, אַז די בעאַמטע טאָר מען קיינמאָל ניט גלויבען. אין קליין-רוסלאַנד האָט אין איינער אַ דאָרף אַ׳ן אָרעמע אלמנה, אַ בויערין, ערהאַלטען פון פעטערבורג אַ „מאַניפעסט" זי האָט איהם געבראַכט אויפ׳ן מאַרק, וואו איינער אַ „יודע ספר" האָט איהם איבערגעלייענט. אין דאָ איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, „אַז די בויערן האָבען ניט וואָס צו וואַרטען אויף אימעצענס הילף, נאָר זיי מוזען אַליין פערכאַפּען די ערד, ווי דאָס האָבען געטהאָן די פריצים, וועלכע עס האָבען צוגענומען ביי זיי די בעסטע חלקים ערד." דער אינהאַלט פון דיזער פראָקלאַמאַציע איז בעקאַנט געוואָרען אין דריי וואָלאָסטען. איינגע האָבען גערעכענט, אַז זי שטאַמט פון צאַר, אַנדערע — פון די סאָציאַליסטען (דיזען וואָרט האָט מען אָנגעהויבען צו בענוצען זייט די יודישע פאָגראָמען). איניגע האָבען גערעכענט, אַז די סאָציאַליסטען זיינען שלוחים פון צאַר: זיי געהען אַרום איבער די הויפען און פרעגען פאַנאַנדער ווי פיעל יעדערער האָט ערד און פיה, פערשרייבען ביי זיך אין לייסטער, כדי דערנאָך צו וויסען ווי צו פערנאַנדערמעסטען די ערד בעת דער חלוקה. אַנדערע האָבען מורא געהאַט פאַר די סאָציאַליסטען, די מערדער פון צאַר, וועלכע עס ווילען אויך אויס׳הרג׳ענען אַלע בויערן. אָהן אַ שיעור קלאַנגען, אַ׳ן אמת׳ער תהו-ובהו! דער קאָרעספּאָנדענט פון „טשאָרני פערעדעל" (No 4) איז דאָך ניט פערבלענד, ער איז מזהר, אַז מען זאָל ניט רעכנען, דאָס די אמונה אין צאַר האָט זיך ביי די בויערן פערביטען מיט דער אמונה אין די סאָציאַליסטען. אמת דער בויער הערט ריידענדיג פון די סאָציאַליסטען ווי פון אַ מעכטיגער קראַפט, אָבער צי זיי זיינען זיינע שונאים אָדער גוטע פריינד, ווייס ער נאָך ניט.

מען איז אָבער ניט געבליבען נור ביי אָרטיגע אונרוהען און פאַנ-

טאַסטישע קראַנגען, דער טעראָר איז טאַקי אויף אַ'ן אמת'ען אריבער-
געטראָגען געוואָרען אין פאָלקס-לעבען אין ווייעדער האָט זיך קודם כל
אויסגעצייכענט דער דרום: דאָרטען האָבען זיך אָנגעהויבען און דאָרטען
זיינען דער עקר אויך פאָרגעקומען די יודישע פּאָגראָמען (1880—1882);
די ווייסרוסען און די ליטוואַקעס, וואָס זיינען וועהניגער מסוגל אויף
רציחות, זיינען אין זייער טעראָר געוועהנליך ווייטער ניט געגאַנגען,
אַלס אָנמאַכען שריפות. די יודישע פּאָגראָמען ווערען אַרויסגערופען
דורך אַ סך אומשטענדען, וועלכע מיר קענען ניט דאָ באריכות אַרומ-
ריידען. בנוגע צו די פּאָגראָמען ווירקען אויף'ן פאָלק אַ גאַנצע מאַסע
טעמים, רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע; דיזע לעצטע,
די סאָציאַל-עקאָנאָמישע טעמים וועגען פונדעסטוועגען אַריבער. ניט
וואָס דאָס פאָלק זעהט אין דעם יודען זיין איינציגען עקספּלואַטאַטאָר,
נאָר אין זיין שנאה צו עקספּלואַטאַטאָרען זיינען דאָ פערשידענע מדריגת,
מעהר איידער אויף אַלעמען איז ער אָנגעשטויסען אויף דעם פּראָצענט-
ניק פון אַ'ן אַנדער אמונה און אַנדערע מנהגים, אויף'ן אידען, דערנאָך
געהט דער קריסטליכער עקספּלואַטאַטאָר פון אַ'ן אַנדער געזעלשאַפטלי-
כען קלאַס: דער פּריץ, דער סוחר, ענדליך, שטעהט צו איהם נעהענטער
פון אַלע דער רייכגעוואָרענער בויער, דער „קולאַק" פון דער אייגענער
דאָרף. מיט דעם אידען אָבער איז דער בויער אַנדערש גאָר ניט פער-
בונדען ווי נור מיט געשעפט-זאַכען, ביי וועלכע ער ליידעט אַלע מאָל
דעם הפסד. פונדעסטוועגען וואָלטען דיזע געפיהלען צו אידען ניט
געבראַכט צו אַזעלכע וויים פערברייטערטע און שרעקליכע רדיפות, ווען
די רעגירונג וואָלט ניט געקוקט מיט האַלב-פערמאַכטע אויגען אויף די
פּאָגראָמען, האָבענדיג בדעה איינצושטילען דורך זיי דעם אויפגערעגטען
געמיטה פון פאָלק; די קלאָרסטע ראיה, אַז דיזער מיינונג איז ריכטיג,
קען מען זעהן דערינען, וואָס די אידישע פּאָגראָמען האָבען אויפגעהערט,
ווי נור עס האָט זיך אומגעביטען דער מיניסטער פון אינערען. אויסער-
דעם, קומט נאָך ענדליך צו דער ניט אונבעדייטענדער, ווען אפילו
נאָך ניט גאַנץ קלאָר-געוואָרענער, פאַקטאָר, — דער אַנטייל פון די רע-
וואָלוציאָנערען אין די אידישע פּאָגראָמען; אין איינגע געגענדען האָט
מען געזאָגט אים פאָלק, אַז די סאָציאַליסטען זיינען געווען די ערשטע
אויפטהוער פון די פּאָגראָמען און אין דער אמת'ען האָט דער עקזעקו-
טיוו-קאָמיטעט אַרויסגעלאָזען אַם 30 אויגוסט 1881 זעהר אַן אויפגע-
רעגטע פּראָקלאַמאַציע געגען די אידען,* ער האָט זי אָבער געענדיגט

---

* דיזע פּראָקלאַמאַציע, וועלכע איז איצטער זעהר זעלטען צו געפי-
נען, האָט אונגעפעהר אַזאַ אינהאַלט: דאָס פאָלק לעבט אַ פינסטע-
רען לעבען און געהט אַרום באָרוועס; די יודען פערמעגען שיינע היי-
זער. דאָס איז ניט אַלעמאָל אַזוי געווען. די אוקראַאינער זיינען געווען
פרייע קאָזאַקען און האָבען געפאָלגט נור דעם אייגענעם העטמאַן. נאָר
אָט איז געקומען דער רוסישער קיסר און האָט פאַנאַנדער געטיילט די
ערד צווישען די פּריצים און אַרויפגעלייגט אויף די בויערן גרויסע פּאָ-
דאַטקעס. האָט אָבער דער בויער קיין געלד ניט אויף אָבצאָהלען די
„פּאָדאַטקעס", דאַן מוז ער גיין צום יודען און לייען ביי איהם, און ער
ווערט דאַן עקספּלואַטירט אין דער צייט, ווען דעם יודען שיצען די
פּריצים און די בעאַמטע. עס איז אָבער פאַראַן אַ'ן עקזעקוטיוו קאָמי-
טעט וועלכער עס האָט בעשלאָסען, אַז די גאַנצע ערד און אַלע
פאַבריקען זאָל מען אָבנעהמען ביי די פּריצים און אַריבערגעבען די בויערן
און די אַרבייטער, אַז אַלע בעאַמטע זאָל מען אַרויסיאָגען און פערביי-
טען מיט פריי אייסגעקליבענע דעפּוטאַטען. דאָס האָט דער קיסר ניט

אַזוי, אַז ס׳איז אויסגעקומען, אַז דער צאַר איז די קאָפּ פֿון דער גאַנצער עקספּלואַטאַציע. דיזע פּראָקלאַמאַציע האָבען אַרויסגעלאָזען נור די וועניגע מיטגליעדער פֿון עקזעקוטיוו קאָמיטעט, וואָס האָבען זיך דאַן געפֿונען אין מאָסקווע; נאָר די איבריגע מיטגליעדער ווי אויך דער פּאַרטיי איז זי ניט געפֿעלען געוואָרען, און דעריבער האָט מען איהר צוריק צונויפּגעקליבען, ווי ווייט עס איז מעגליך געווען און גע׳פּטר׳ט. פֿונדעסטוועגען געפינט זיך דאָך אין „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" פֿון 23-טען אָקטאָבער 1881 אַ קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער דער מחבר ערקלערט, אַז דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט און די רעוואָלוציאָנערען האָבען קיין רעכט ניט אַרויסצוטרעטען געגען אָדער אפילו גלייכגילטיג בלייבען צו דיזער ריינער פֿאָלקס-בעוועגונג. ראָבעספּיער, דאַנטאָן, סען-זשיוסט און דעמולען האָבען זיך ניט אָבגעזאָגט פֿון זעהער פֿיהרער-ראָליע, ווען דאָס פֿאָלק, אַ צורייצטער דורך די שטענדיגע בעדריקונגען, האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס אין זיין קאַמפּף מיט די עקספּלואַטאַטאָרען. וואָס די יאַקאָבינער האָבען געטהאָן, מוז אויך טהאָן דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

אַ חוץ דער בעוועגונג געגען די יודען עקסיסטירט אין דרום-רוסלאַנד נאָך צוויי אַנדערע: איינע אַ רעליגיעזע בעוועגונג — שטונדיזם; צוערשט איז דאָס געווען אַ פּראָטעסטאַנטישע סעקטע, וועלכע עס האָט זיך ווייטער ענטוויקעלט, צום טייל אונטער דעם איינפֿלוס פֿון סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרען (קאָוואַלסקי, דראָביאַזגין און אַנדערע), צו אַ נייער שטונדע מיט אַ ראַציאָנאַליסטישען כאַראַקטער; די אַנדערע איז אַ׳ן אַגראַר-פּאָליטישע, די בעוועגונג פֿון די טשינשעוויקעס; אַזוי האָבען זיך גערופֿען די קליינע פּאַכטער פֿון די פּריץ׳עשע ערד, ביי וועלכע די פּאַכט-ערד פֿלעגט איבערגעהען בירושה פֿון דור צו דור. אַזעלכע פּאַכטער האָבען זיך געפֿונען אין די געוועזענע פּוילישע גובערניעס עטליכע הונדערט טויזענד. דיזע טשינשעוויקעס האָבען זיך געציילט צו ווערען בעלי-בתים איבער זייער פּאַכט-ערד, אויף דעם סמך, וואָס זיי בעאַרבייטען שוין דיזע ערד פֿון דור דורות, די פּריצים אָבער האָבען זיי גאָר געוואָלט פֿערטרייבען פֿון די ערד. געוועהנליך פֿלעגען די טשינשעוויקעס פֿערשפּילען זייערע פּראָצעסען, אויף׳ן גרונד פֿון געזעץ, נאָך וועלכען מען קען ניט אָבמאַכען קאָנטראַקטען אויף ערד-פֿערפּאַכטונג לענגער ווי אויף צוועלף יאָהר. דורכדעם איז געשאַפֿען געוואָרען אַ גאַנצער קלאַס פּראָלעטאַריער אָהן ערד, וועלכע עם האָבען געהאַט אַ האַרץ אויף דער אַדמיניסטראַציע און זיינען דעריבער זעהר ניטה געווען צו אַלערליי אונרוהען. נאָכ׳ן נייעם געזעץ האָט מען די טשינשעוויקעס געצוואונגען צו קויפֿען זייערע ערד חלקים, און די רעגירונג לייט אויף דערויף 85% פֿון דער סומע, וואָס זיי דאַרפֿען אָבצאָהלען.

---

געוועלט און דערפֿאַר האָט מען איהם פֿער׳משפּט צום טויט און מען האָט איהם גע׳הרג׳עט דעם 1-טען מערץ. דעם נייעם קיסר האָט מען אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג, אַז ער זאָל מעהר ניט אונטערדריקען דאָס פֿאָלק. וועט ער ניט פֿאָלגען, דאַן זאָל ער דערפֿילען די מאַכט פֿון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט. דאַן זאָל דאָס פֿאָלק אין איינעם מיט׳ן קאָמיטעט געהען געגען די אידען, פּריצים און דעם קיסר. העלפֿט אונז! הויבט זיך אויף אַרבייטער! נעהמט נקמה פֿון די פּריצים, בערויבט די אידען און הרג׳עט צום טויט די בעאַמטע.

# IX. ביאָגראַפֿיען און אינערע אָרגאַניזאַציע.

די בעשרייבונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג וואָלט ניט געווען קיין פֿאָלשטענדיגע, ווען מיר וואָלטען זיך ניט געסטאַרעט צו פֿערענטפֿערען, ווי ווייט עס איז מעגליך, די פֿראַגען: וועלכע פּערזענליכע קרעפֿטען וואָס פֿאַר אַ געלדמיטלען האָבען זיך געפֿונען אין דעם רשות פֿון דער בעוועגונג און וואָס פֿאַר אַ אינערע אָרגאַניזאַציע האָט זי געהאַט? דיזע פֿראַגען בעריהרען די טיעפֿסטע סודות פֿון דער גאַנצער בעוועגונג און אַ זייטיגער מענש קען זיי פֿערענטפֿערען ניט אַנדערש ווי נאָר נאָך יענע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען אַרויס געדרוקט. אין דיזע מאַטעריאַלען קען מען, פֿערשטעהט זיך, אָבער קיין סך ידיעות ניט געפֿינען. ווי קען דען די פּאַרטיי דערצעהלען וועגען איהרע אַקטיווע נאָך ניט ענטדעקטע מיטגליעדער? און ווי קען זי אפֿילו אַ סך ריידען וועגען איהרע אַרעסטירטע און פֿער׳משפּט׳ע פֿיהרער? מיט דעם וואָלט זי נאָר געקענט שאַדען זייער צוקונפֿט. און אפֿילו וועגען טשערנישעווסקי׳ען, וועלכער ס׳איז, איבער זיין 20-יאָהריגער געפֿענגשאַפֿט שוין אַזוי גוט ווי געשטאָרבען פֿאַר דער בעוועגונג, האָבען מיר אויך נאָר אַ׳ן איינציגע, גאַנץ קנאַפּע בעשרייבונג פֿון זיין לעבען, וועלכע עלפּידין האָט צוזאַמענגעשטעלט.* אין דער לעצטער צייט האָבען פּ. לאַווראָוו און וו. זאַסוליטש אַרויסגעלאָזען, אויף׳ן סמך פֿון די ידיעות, וואָס זיי האָבען בעקומען פֿון די מיטגליעדער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, ביאָגראַפֿיען פֿון די פּערזאָנען, וואָס האָבען גע׳הרג׳ט אַלעקסאַנדער דעם II-טען און וועלכע מען האָט דערנאָך פֿער׳משפּט צום טויט: פֿון זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ און קיבאַלטשיטש, ווי אויך פֿון גרינעוויצקי, סאָלאָוויאָוו און אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו. דיזע ביאָגראַפֿיען זיינען אויף אַזוי פֿיעל אינטערעסאַנט, אַז מיר בריינגען דאָ דאָס וויכטיגסטע פֿון זיי.

אַנדריי זשעליאַבאָוו שטעהט נאָך זיין אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלאַנט און ענערגיע העכער איידער דאָס רוב פֿון זיינע חברים. ער איז געבאָרען אַ׳ן ערך אין 1850-טען יאָהר אין קרים; זיינע עלטערן און קרובים זיי-

---

* טשערנישעווסקי האָט, בעת ער איז געזעסען אין געפֿענגניס, 1862-1864 לויט דער בקשה פֿון זיינע פֿריינד, געשריבען אַ אָנהויב פֿון אַ ראָמאַן, וועלכען דער „וופּעריאָד“ האָט אָבגעדרוקט אין 1877-טען יאָהר. אין דיזען ראָמאַן — „פּראָלאָג פֿון פּראָלאָג“ שילדערט דער מחבר אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבען גענומען אַ׳ן אַנטייל אין דער געזעלשאַפֿטליכער בעוועגונג פֿאַר דער אָבשאַפֿונג פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט: ראָסטאָווצעוו, מוראַוויאָוו, וואַלויעוו, סעראַקאָווסקי, קאַוועלין, זיך און זיין פֿרוי און נאָך אַ סך אַנדערע. אַלס אַ ראָמאַן האָט דיזער בוך קיין שום ווערטה ניט, אַלס מעמואַרען זיינען די בעשרייבונגען זעהר אינטערעסאַנט. זיך אַליין שילדערט טשערנישעווסקי אַלס אַ פֿערהאַוועטען, צוטראָגענעם, אָבגעמאַטערטען, אומעדיגען מענשען, וואָס אַרבייט טאָג און נאַכט און איז אַ געטרייער מאַן פֿון זיין פֿרוי. — אַ סך וועניגער אינטערעסאַנט איז די זעלסטביאָגראַפֿיע פֿון כודיאַקאָוו (זשענעוו 1882), וואָס איז געשטאָרבען אַ פֿערשיקטער אין 1876-טען יאָהר. איצטער ווערט אויסגעאַרבייט אויך די ביאָגראַפֿיע פֿון באַקונין.

גען געוועזן לייבאייגענע און האָבען געדיענט ביים פריץ אין הויף; נאָך פֿון די קינדערשע יאָהרען איז ביי איהם געבליבען אין זכרון ווי מען האָט געשמיסען זיין פֿעטער און מאַנס געוועזן זיין מומע. זיין זיידע, אַ געעהרטער סעקטאַנט, האָט איהם אויסגעלערנט לייענען און שרייבען אויף דער קירכליך-סלאַווישער שפּראַכע און האָט איהם גענויט אויסלערנען אויף אויסווענדיג דעם גאַנצען תהילים: דער פריץ האָט גלייך בעמערקט דעם אינגעל, האָט איהם אַליין אויסגעלערנט דעם רוסישען אלף-בית או האָט איהם אַוועקגעגעבען אין קערטש אין גימנאַזיאום, וועלכע ושעליאַבאָוו האָט געענדיגט. מען האָט איהם געהאַלטען פֿאַר אַ גוטען חבר און פֿאַר אַ מתמיד; ער איז אָבער געוועזן אַ גרויסער שטיפער און איבער זיין אויפֿפיהרונג האָט ער, אַרויסגעהענדיג פֿון גימנאַזיאום ערהאַלטען נאָר אַ זילבערנע מעדאַל, ניט קוקענדיג וואָס נאָך זיינע פֿעהיגקייטען און התמדה האָט ער כשר פֿערדיענט אַ גאָלדענע.

אין אָדעסער אוניווערסיטעט, וואוהין ער איז אָנגעקומען אין 1868-טען יאָהר, האָט ער גלייך ביי דער ערשטער דעמאָנסטראַציע געגען איינעם אַ פּראָפֿעסאָר געשפּיעלט אַ ראָלע. פֿון אַ פֿיהרער און מען האָט איהם דערפֿאַר אויסגעשלאָסען פֿון אוניווערסיטעט. דעם זעלבען פּסק האָט ער געהאַט נאָך אַ מאָל, ווען ער האָט זיך געפֿונען אויף'ן דריטען קורס פֿון יוריסטישען פֿאַקולטעט. געלעבט האָט ושעליאַבאָו פֿריהער פֿון אַ סטיפּענדיאום און ווען ער האָט עס אָנגעוואָרען — פֿון פּריוואַטע שטונדען, און ער האָט אָפֿט געליטען פֿון דחקות, כאָטש אפילו צייטענווייז האָט ער פֿערדיענט אַ סך (ביז 150 רובל אַ חודש). אין דער ערשטער צייט איז ער געוועזן שטאַרק אַריינגעטהאָן אין די סטודענטישע עסקים: קאַסען, קיכען פֿאַר סטודענטען, ביבליאָטעקען און ז. וו. אָבער מיט דיזער אַרבייט האָט ער זיך ניט געקענט בעפֿריעדיגען. ווען עס האָבען זיך דערנאָך געבילדעט אין אָדעס, אין פֿערבינדונג מיט נעטשאַיעווס געזעלשאַפֿט, געהיימע גרופּען, האָט זיך ושעליאַבאָוו איבערגעגעבען זיי מיט'ן לייב און לעבען. אויף דעם בויערס זוהן האָט מען אין יענע גרופּען געקוקט מיט גרויס בעוואונדערונג; ביי אַ/ע חברים האָט ער זעהר אויסגענומען. באַלד איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט די גענעראַלען פֿון דער רעוואָלוציע, מיט די אַלטע מעהר געניטע רעוואָלוציאָנערען און איז אַריין אין זייער פּאָליטישע שוהלע.

אין 1872-73 האָט ער געהערט צו אַ גרופּע, וואָס איז ענג געוועזן פֿערבונדען מיט די פּעטערבורגער טשאַיקאָווצעס, ווי אַלע זיינע חברים, איז אויך ושעליאַבאָו געוואָרען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט. האָט געוואָהנט אין נאַסע און שמוציגע דירות, ערקלערט די אַרבייטער דעם אינהאַלט פֿון די בראָשיורען, אָרגאַניזירט קליינע אַרבייטער פֿעראיינען מיט קאַסען און ביבליאָטעקען ער פֿלעגט זיך אויך אַריבערקלייבען אין דאָרף און האָט דאָרט פֿערקויפֿט אַ'גערקעס אויף'ן מאַרק, זיין אַרבייט איז ניט געגאַנגען פֿערלאָרען: ער האָט געוואונען אייניגע אָנהענגער. אָבער צו האָט דאָס דען ושעליאַבאָו געזוכט? ער האָט געהאַט אַ היציגע, ליידענשאַפֿטליכע נאַטור. וואָס ער האָט ניט געטהאָן, אפילו ווען ער האָט געטאַנצט אין געזונגען, איז ער דערינען געוועזן אַריינגעטהאָן מיט'ן גאַנצען האַרצען. זייענדיג בטבע אַ גוטער מענש, פֿלעגט ער זיך אָפֿט מוסר-נפש'זיין פֿאַר דעם אַנדערענס טובה און פֿלעגט זיך בעגעהן מיט מענשען זעהר איידעל, אָבער ביי יעדער בעליידיגונג און שפּאָט פֿלעגט ער גלייך ווערען אַ צוקאָכטער; דאָ פֿלעגט ער גליך געפֿינען שאַרפֿע ווייצען, דורכשטעכענדע ווערטער און אַזעלכע תנועות, וועלכע עס פֿלעגען אָנוואַרפֿען אַ ציטערניש אויף זיין געגנער. אַ דוירנדע, ווען

אפילו אַ נוצליכע אַרבייט, איז געווען ניט נאָך זיין נאַטור נאָך: זי פֿלעגט איהם דערעסען און ער פֿלעגט פֿערלירען זיין געדולד; האַסטיגע בעוועגונגען, אַ קאָכענדער קאַמפּף און געהן אויף סכנות — דאָס איז געווען זיין לעבען. האָט מען נאָר געדאַרפֿט דורכפֿיהרען אַ טראַנספּאָרט, אויף וועלכען די פּאָליציי האָט שוין געוואָרפֿען אַ'ן אויג, בעגלייטען אַ'ן אַנטלאָפֿענעם חבר אין אויסלאַנד — אויך דערויף איז אַלע מאָל געווען קאַפּאַוועל זשעליאַבאָוו, וועלכער עס האָט געגלויבט אין זיין גליקליכען מזל. אַ איינפֿאַכער סאָלדאַט האָט זשעליאַבאָוו קיין מאָל ניט געקענט זיין; ער איז געווען אַ געבאָרענער פֿיהרער. און כאָטש אפילו זשעליאַבאָוו האָט ניט וועניג — און אַנדערע רעכענען, אַז אפילו צו פֿיעל — געהאַלטען פֿון זיך און האָט האָלט געהאַט כבוד, נאָר דאָך ניט דאָס אַליין האָט איהם געטריבען צו זיין אַ פֿיהרער. פֿערקעהרט, גיכער האָט עס געשטאַמט פֿון זיין כאַראַקטער און זיין גאַנצען טעמפּעראַמענט. די וויכטונג פֿון דער טעראָריסטישער פּאַרטיי, וועלכער ער האָט מקרב געווען זיין לעבען, האָט נאָך איהר קאָכיגער, היציגער און נערוועזער טהעטיגקייט אַ סך מעהר געפּאַסט פֿאַר זיין כאַראַקטער.

נאָך דעם, ווי מען האָט איהם דעם צווייטען מאָל אויסגעשלאָסען פֿון אוניווערסיטעט, האָט זשעליאַבאָוו געלעבט צייטענווייז אין זיין געבירטס דאָרף, צייטענווייז אין אָדעס. אין דיזער צייט האָט ער חתונה געהאַט און באַלד איז ביי איהם געבאָרען געוואָרען אַ זוהן. זיינע בעציהונגען צום דאָרף האָט ער ניט איבערגעריסען ביז 1879-טען יאָהר, ווען ער האָט זיך שוין אין גאַנצען קאָמפּראָמעטירט. איינמאָל האָט ער אפילו געלעבט צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד אין דאָרף, האָט געפֿיהרט אַ'ן אייגענע לאַנדווירטשאַפֿטליכע בעל-הבית'ישקייט און איז דערביי געווען אַ געזונדטער, קרעפֿטיגער בויער, וואָס זעלטען ווער עס האָט זיך געקענט מיט איהם פֿערגלייכען אין כוחות. ער איז אויך געווען אַ'ן אויסגעצייכענטער אַרבייטער און אַ גוטער בעל-הבית. דער שלום-בית איז ביי זיי געווען, ווי ער פֿלעגט אַליין דערצעהלען, אַ גוטער; זיין פֿרוי פֿלעגט אויך פֿערדינען; זי איז געווען אַ הויבאַמע; נאָר זשעליאַבאָוו האָט קיינמאָל ניט געקענט אָבגעבען זיך איהר מיט'ן גאַנצען האַרצען. נאָך'ן שטייגער פֿון די בויערן, האָט ער אין זיין פֿרוי געזעהן ניט אַ פּאָעטישע געליעבטע, נאָר בלויז אַ מוטער פֿון די קינדער און אַ בעל-הבית'טע אין שטוב. אין פֿאַמיליען לעבען זיינען ביי איהם געשטאַנען אויף'ן ערשטען פּלאַן ניט די ליעבע, פֿון וועלכע ער האָט וועניג וואָס געהאַלטען, נאָר די התחיבות צו דער געזינד. דיזע התחיבות האָט ער טריי ערפֿיהלט, און האָט זיך פֿריהער ניט אַריינגעלאָזען אין דער טעראָריסטישער בעוועגונג, איידער ער האָט ניט געמאַכט אַ'ן אָרדנונג אין אַלע זיינע היימישע עסקים.

אין 1877-טען יאָהר האָט מען איהם, אַלס איינעם פֿון די בעשולדיגטע אין דעם פּראָצעס פֿון 193, געבראַכט אין פּעטערבורג. דאָ איז ער געזעסען זיבען חדשים און דערנאָך האָט מען איהם נאָך'ן משפּט בעפֿרייט. פֿון איצטער אָן האָט ער אָנגעהויבען צו נעהמען אַ'ן אַקטיווען אַנטייל אין דער בעוועגונג; ער איז אַליין מעהר בעוואוסט געוואָרען אין דרום, און אין צפֿון-רוסלאַנד האָט ער אויך געהאַט פֿערבינדונגען.

זשעליאַבאָוו האָט קיינמאָל ניט מסכים געווען מיט דער איינזייטיגקייט פֿון די פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע עס האָבען געהאַלטען נאָר פֿון דער אַגיטאַציע צווישען די בויערן. ער האָט זיך שטענדיג געווענדעט אויך צו דער „געזעלשאַפֿט“—און זיין טהעטיגקייט האָט אַלע,

מאָל געטראָגען אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. אין דעם פּרט איז ער זיך קיינמאָל ניט צונייפֿגעגאַנגען מיט'ן רוב פֿון דער דאַמאָלסטדיגער פּאַרטיי. ער האָט אַלע מאָל געהאַלטען, אַז די בעפֿרייאונג פֿון לייבאייגענשאַפֿט איז געווען אַ גרויסע ישועה פֿאַר די בויערן און האָט אָהן אַ ספק אויפֿגעהויבען זייערע מדות און גייסט, כאָטש זי האָט ניט פֿערבעסערט זייער עקאָנאָמישע לאַגע. דאָך האָט ער אַ גרויסע שנאה געטראָגען אין האַרצען צום פּרינציפּ פֿון דער זעלבסטהערשונג, צו דער מאַכט פֿון איין פּערזאָן איבער אַ גאַנצען פֿאָלק, צו דער מאַכט, וואָס האָט קיין אָבהאַלט ניט און טאָר ניט קאָנטראָלירט ווערען. אַ פּאַטריאַרכאַלישען צאַר האָט ער זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלען און האָט אין איהם ניט געגלויבט. ער האָט גערעכענט, אַז דער צאַר האָט געוויס ניט פֿון גוטסקייט בעפֿרייט די בויערן: „פֿאַר דער רעגירונג, — פֿלעגט ער זאָגען, — האָט בעסער געלוינט צו עקספּלואַטירען די בויערן גופֿא, צו פֿערהעכערען איהר הכנסה און דערביי אַראָבשלאָגען פֿון די פּיס דעם לפי ערך שטאַרקען קלאַס פֿון די אַדעללייט, פּריצים". נאָך זייענדיג אַ 15 יאָהריגער אינגעל האָט ער זיך געפֿרעהט, וואָס קאַראַקאָזאָוו האָט געשאָסען אין צאַר.

אַזוי איז עס לייכט צו פֿערשטעהן, פֿאַר וואָס זשעליאַבאָוו האָט זיך אין 1879-טען יאָהר ביי דער ערשטער אויפֿפֿאָדערונג אין גאַנצען אָבגעגעבען דעם טעראָר. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז אויף די קאָנגרעסען פֿון ליפּעצק און וואָראָניעזש האָט זשעליאַבאָוו געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. גלייך נאָכדעם איז ער אַוועק אין די דרום-רוסישע אוניווערסיטעט-שטעדט, כדי צו געווינען אָנהייגער, אין דאָרטען האָט ער געהאַלטען רעדען, וועלכע עס האָבען, ווי עס ווייזט אויס, געמאַכט אויף די צוהערער אַ מעכטיגען איינדרוק. זשעליאַבאָוו פֿלעגט האַלטען רעדען אויף דעם מאַנער פֿון אַ פּראָפֿעסאָר. גערעדט האָט ער וואָרט ביי וואָרט, קלאָר און דייטליך. אין פּריוואַט געשפּרעך פֿלעגט זיין שטייגער צו ריידען ניט אויסנעהמען, פֿאַר אַ גרויסען עולם איז ער אָבער געווען אַ אויסגעצייכענטער רעדנער. בעת ער פֿלעגט רייִדען מיט התלהבות, איז זיין שטימע געווען ריין און שטאַרק און ער פֿלעגט זיך קיינמאָל ניט אָבמאַטערען. זיינע געדאַנקען ענטוויקעלט ער שטרענג לאָגיש; ער ענטפֿערט געשווינד און אָפֿט זעהר שאַרף און שטעכענד; דער אָנפֿאַל פֿון זיין געגנער ערוועקט אין איהם נייע געדאַנקען און דאַן איז זיין ענטפֿער פֿיל מיט פֿונקען. בעזאָנדערס גלענצענד פֿלעגט זיך אַרויסווייזען זיין טאַלאַנט, ווען ער פֿלעגט רייִדען מיט האַרץ, מיט התלהבות, וועגען די התחיבות צום פֿאָטערלאַנד און וועגען נקמה נעהמען פֿון די טיראַנען. דאַן פֿלעגט ער בעגייסטערען זיינע היציגע צוהערער. ער האָט זעלטען געהאַט די געלעגענהייט צו ריידען, נאָר ער האָט יעדער מאָל געהאַט דערביי אַ גרויסען ערפֿאָלג. דערווייל האָט זיך די טעראָריסטישע פּאַרטיי אָרגאַניזירט און אין הערבסט 1879 זעהען מיר זשעליאַבאָווען פֿאַר אַ'ן אַגענט פֿון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט, און ער לייגט אונטער די מינע ביי אַלעקסאַנדראָווסק. נאָך דעם, ווי די דריי אַטענטאַטען פֿון 18-19 נאָוועמבער זיינען ניט געלונגען, איז ער אַוועק אין פּעטערבורג, וואו ער האָט ניט ווייניג אַרבייט געהאַט אויף זיך. אַ סך חברים האָט מען דאַן אַרעסטירט; איבער גאָלדענבערגס מסירה האָט מען געמוזט פֿיעלע פּלאַנען אימענדערען און פֿאַנאַנדערשיקען די טהייער אויף נייע ערטער. זשעליאַבאָוו איז געוואָרען אַ'ן אויפֿזעהער איבער די דינאַמיט-ווערקשטאַטען; נאָר זיין הויפּט אַרבייט האָט ער אָבגעגעבען אויף אַנדערע זאַכען. אַזעלכע טעראָריסטען, ווי ער — און אפשר נאָך גרעסערע

— זיינען געווען אַ סך, אָבער אַזאַ אָרגאַניזאַטאָר, — איז כמעט ניט
געווען. ער האָט געוואוסט, ווי צו בעגעהן זיך מיט מענשען, און האָט
פֿון יעדערען געפֿאָדערט נאָר דאָס, וואָס עס איז געווען נאָך זיינע
כוחות נאָך. אמת, כבוד האָט ער ניט פֿיינד געהאַט און ער האָט
געוואוסט וואָס פֿאַר אַ ווערטה ער האָט, נאָר זיין פערזענליכקייט איז
געווען אַזאַ מעכטיגע, אַז אַ גאַנצע מאַסע יונגע לייט האָט זיך איהם
אין גאַנצען איבערגעגעבען. זיין אָרגאַניזאַטאָרישע טהעטיגקייט האָט
זשעליאַבאָוו אָנגעווענדט ווי צווישען דער „געזעלשאַפֿט", אַזוי אויך
צווישען די אַרבייטער, פֿאַר וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבען אַ'ן אַר-
בייטער צייטונג. „איך בין אַ געבאָרענער דעמאַגאָג,—פֿלעגט ער זאָ-
גען, — מיין ריכטיגער אָרט איז אויף'ן גאַס צווישען אַ'ן עולם אַרבייטער".
די אויפֿרעגענדע אַרבייט האָט אויף אַזוי פֿיעל אַרויסגעשלאָגען פֿון די
כוחות זיין נערוועזע און היציגע נאַטור, אַז דיזער קרעפֿטיגער מענש
האָט אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבען פֿאַלען אין חלשות און האָט
אויפֿגעהערט צו שלאָפֿען.

זשעליאַבאָוו איז געווען אַ הויכער, אַ שעהנער מאַן מיט אַ ענער-
גישער געזיכט און אַ גרויסער פרעכטיגער באָרד. ער פֿלעגט זעהר
געפֿעלען פֿרויען און האָט איבערגעלעבט ניט וועניג „ראָמאַנען". אין
די לעצטע יאָהרען איז ער געווען זעהר גוט מיט סאָפֿיאַ פעראָווסקאַיאַ.
זי איז געווען נאָך זיין גוסט נאָך. ער האָט הויך געשעצט איהר שכל,
איהר כאַראַקטער און האָט אין איהר געזעהן זיין בעסטען חבר. פֿון
ליעבעס גליק האָט קיין רייד ניט געקענט זיין ביי דער שטענדיגער אויפֿ-
רעגונג און ביי דער מאַסע ארבייט, וואָס זיי האָבען אויף זיך געהאַט.
— זשעליאַבאָוו האָט האָלט געהאַט די ליטעראַטור. קומענדיג איינמאָל
פֿון אַ'ן אסיפֿה, וואָס איז געווען אינטער'ן שטאָדט אין פעטערבורג,
שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער זיך אויף אַזוי פֿיעל פֿערטיעפֿט אין
לייענען „טאַראַס בולבאַ", אַז ווען זיינער אַ פֿריינד איז צו איהם געקו-
מען אויף מאָרגען שפּעט אין דער פֿריה, האָט ער איהם געפֿונען נאָך
אַלץ אַריינגעטהאָן אין בוך, און אַ לאַנגע צייט האָט זשעליאַבאָוו ווע-
גען קיין אַנדער זאַך ניט געלאָזען ריידען, ווי נאָר וועגען דעם דרייסטען
פֿיהרער פֿון די קאָזאַקען (טאַראַס בולבאַ). זשעליאַבאָוו האָט אויך
האָלט געהאַט די נאַטור, די נעוואַ און דעם ברייטען ים; האָט האָלט
געהאַט מוזיק און צונויפֿקומען זיך מיט מענשען, מיט חברים. נאָר זעהר
וועניג צייט האָט ער אויף דערויף געהאַט. דעם לעצטען מאָל האָט ער
פֿערבראַכט אַ שעהנעם אָווענד אין דער נאַכט פֿון פֿאַר ניי-יאָהר 1881,
ווען די צוקינפֿטיגע מערדער פֿון קיסר האָבען געמאַכט אַ יום טוב,
אַנעקדאָטען, גלייכווערטלעך אין טענץ האָבען פֿרעהליך געמאַכט דעם
עולם. ווען אימיצער פֿון די פֿריינד פֿלעגט זיך אַריינלאָזען אין טרויע-
ריגע רעיונות וועגען דער צוקונפֿט, פֿלעגט זשעליאַבאָוו אָבענטפֿערען
מיט אַ גרויסען בטחון: „זאָרגט ניט — פֿלעגט ער זאָגען — נאָך אונז
וועלען זיך אויך געפֿינען מענשען". בעת'ן משפט האָט דער פראָקוראָר
אַזוי כאַראַקטעריזירט זשעליאַבאָווען: „ער איז געווען אַ קאָנספיראַטאָר
פֿון קאָפּ ביז די פֿיס אין אַלץ, — אין אַלע זיינע תנועות, בעווע-
גונגען, געדאַנקען און אין זיינע ווערטער, אין דערביי האָט ער ניט
פֿיינט געהאַט קיין טעאַטראַלישען עפֿעקט: ביז צו דער לעצטער מינוט
האָט ער געטראָגען אויף זיך אַ קאָנספּיראַטאָרישע מאַסקע. מען קען
ניט אָבלייקענען זיין שכל, זיין טאַלאַנט און געשיקטקייט".

נאָהענט צו זשעליאַבאָווען, שטעהט סאָפֿיאַ פעראָווסקאַיאַ, כאָטש זי
שטאַמט אפילו גאָר פֿון אַ'ן אַנדער געזעלשאַפֿטליכען קלאַס, פֿון דער
העכסטער אַריסטאָקראַטיע. דאָס איז געווען אַ'ן אָבגעהאַלטענע, פֿער-

ביסענע נאַטור; זי פֿלעגט גערן העלפֿען דעם אַנדערען, האָט אָבער אַליין פֿון קיינעם קיין הילף ניט פֿערלאַנגט; איהר לעבען איז געווען אַזאַ טרויעריגער, אַז זי האָט וועגען איהם ניט האָלט געהאַט צו דערצעהלען. דעריבער איז איהר עצם נאַטור, איהר נשמה געווען פֿערבאָרגען אפילו פֿון איהרע נאָהענטסטע פֿריינד, און אויך איהר אויסערליכער לעבען איז ווייניג בעקאַנט. זי איז געבאָרען אין פעטערבורג אין 1854 טען יאָהר. איהר מוטער איז געווען אַ קלוגע פֿרוי מיט אַ גוטער נאַטור און האָט זעהר צאַרטליך געליעבט איהר טאָכטער, וועלכע ס'האָט איהר אויך ליעב געהאַט. דער פֿאָטער איז פֿערקעהרט געווען אַ מענש מיט קליינינקע השגות, אַ'ן עכטער בעאַמטער מיט אַ'ן עגאָאיסטישער נאַטור. די טאָכטער האָט איהם ניט געקענט סבל זיין. ער איז פֿריהער געווען אַ גובערנאַטאָר אין פסקאָוו און דערנאָך אין פעטערבורג; פֿלעגט אויסברייגען געלד אָהן אַ שיעור און האָט דעריבער אָנגעמאַכט אַזאַ מאַסע חובות, דאָס ווען ער האָט פֿערלאָרען זיין שטעלע נאָך דעם אַטענטאַט פֿון קאַראַקאָזאָוועז, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז כמעט אין גאַנצען רואינירט. די מוטער האָט, ווי געוועהנליך אַ גובערנאַטאָרשע, געמוזט אָבגעבען אַזוי פֿיעל צייט אויף בעלער, וויזיטען און ד. גל., אַז זי האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט אָבגעבען ווי עס דאַרף צו זיין דער ערציהונג פֿון דער טאָכטער. דאָס איז געווען אַ לעבעדיגעס און נאָכגעגעבענעס קינד, וואָס האָט זעהר האָלט געהאַט צו שטיפֿען און האָט נאָר דער מוטער געפֿאָלגט. צו אַכט יאָהר האָט זי זיך אָבער זעהר געשווינד אויסגעלערנט לייענען. דערנאָך האָט איהר אַ פריוואַט לעהרער געגעבען שטונדען, נאָר רעליגיאָן האָט מען מיט איהר ניט געלערנט, און צו 14 יאָהר האָט מען איהר איבערהויפט אויפֿגעהערט צו לערנען. אין קרים, אין דעם הויף פֿון דער מוטער, וואוהין דאָס געזינד איז איצטער אַריבערגעפֿאָהרען, האָט דאָס עלטער געוואָרענעס קינד קיין אַנדערע ביכער ניט געהאַט ווי נאָר די עטליכע ערנסטע ביכער פֿון דער היימישער ביבליאָטעק. ווען מען האָט אין 1869 געמוזט פֿערקויפֿען אויך דיזען הויף, האָט זיך די מוטער מיט דער טאָכטער אומגעקעהרט אין פעטערבורג. דאָ איז פעראָווסקאַיאַ אָנגעקומען אויף די פֿרויען-קורסען אין אַ גימנאַזיום און איז בעקאַנט געוואָרען מיט ווילבערג, קאָרנילאָוואַ און סאָפֿיאַ לעשערן, וועלכע ס'האָבען זיך מיט דער צייט אַלע איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. ווען די עלטערן האָבען שפעטער ווידער אָנגעהויבען צו לעבען אין איינעם, האָט איהר דער פֿאָטער פֿערבאָטען צו פֿערבעטען צו זיך דיזע בעקאַנטע; זי האָט עס ניט געקענט פֿערליידען און אין 1870-טען יאָהר האָט זי פֿערלאָזען דאָס עלטערנס הויז, האָט אַריינגעטראָטען אין דער גרופּע פֿון די טשייקאָויצעס און איז שפעטער אַוועק אין פֿאָלק. זי האָט זיך אַ קורצע צייט צוגעלערנט און איז געוואָרען אַ לעהרערין אין אַ פֿאָלקס-שוהל. אין 1872-טען יאָהר געפֿינען מיר זי אויף דער קאַמע (פֿון דער זייט אוראַל), וואו זי האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט צושטעלען פּאָקען, איז אַרומגעגאַנגען פֿון איין דאָרף אין דער אַנדערער און האָט געליטען אַלערליי פּורעניות. דאָס איז געווען די צייט ווען די יוגענד האָט געלעבט נאָך ראַכמעטאָווס רעצעפּט אין ראָמאַן פֿון טשערנישעווסקי (טשטאָ דיעלאַט?). געגעסען האָט פעראָווסקאַיאַ נאָר קאַשע מיט מילך, געשלאָפֿען האָט זי אויף אַ שטרייענעם קיסען און דערביי איז זי פֿונדעסטוועגען געווען געזונד און מונטער. פֿון דאַנען איז זי אַריבערגעפֿאָרען אין עדמוניאָוע (טווערער גובערני) אין איינע פֿון ווערעשצאַגינס קעזעראַיען, וואו זי האָט געהאָלפֿען דעם לעהרער פֿון דער פֿאָלקס-שוהלע. אויף אַזאַ אופן איז זי דורכגעגאַנגען אין איינעם

מיט דער רוסישער יוגענד אַלע מדריגות פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. אין נאָוועמבער 1873 האָט מען איהר אַרעסטירט, נאָר מען האָט איהר אַרויסגעלאָזען אויף ערבות פֿאַר 5000 רובל. דערנאָך איז ביי איהר געבליבען צו ווערען אַ פֿעלדשערין און צוערשט האָט זי זיך אָנגעהויבען צו לערנען ביי איינעם אַ דאָקטאָר אין טווערער גובערני, דאַן איז זי אָנגעקומען אין דער פֿעלדשער-שוהלע פֿון סימפֿעראָפּעל, וועלכע זי האָט געענדיגט. בעת'ן פּראָצעס פֿון 193 האָט מען איהר פֿרייגעשפּראָכען, נאָר מען האָט איהר אַדמיניסטראַטיוו געוואָלט פֿערשיקען אין אָלענעצקער גובערני (1878). פֿון דער אַייזענבאַהן-סטאַציאָן, „טשודאָיואָ", וואו זי האָט אין דאַמען-צימער געראַרפּט איבערנעכטיגען, איז זי ענטלאָפֿען; זי איז אריבערגעשפּרונגען איבער דעם זשאַנדאַרם, וואָס איז אַיינגעשלאָפֿען אויף'ן שוועל פֿון טיר, און האָט זיך זעקס שעה צייט בעהאַלטען אין דעם דערבייאיגען וואַלד, ביז מען האָט אויפֿגעהערט צו זוכען און זי האָט געקענט רוהיג אַוועקפֿאָהרען צוריק אין פּעטערבורג.

דאָ איז זי צוגעשטאַנען צו דער געזעלשאַפֿט „זעמלאַ אי וואָליאַ", האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט די בעפֿרייאונג פֿון די אַרעסטירטע אין כאַרקאָוו און גענומען זיך ערלייכטערן זייער שווערע לאַגע. די ערשטע אויפֿגאַבע האָט איהר ניט געלונגען. אויף'ן קאָנגרעס פֿון וואָראָנעזש האָט זי געהערט צו יענע חברים, וועלכע עס האָבען בשום אופן ניט געוועלט דערלאָזען, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך צערשפּאַלטען. כדי צו נעמען נקמה פֿאַר די אויפֿגעהאַנגענע חברים, האָט זי געוועלט, אַז מען זאָל טויטען דעם צאַר, זי האָט אָבער ניט מסכים געווען צו וואַרפֿען די אַגיטאַציע צווישען דעם פֿאָלק, מורא'האָבענדיג, אַז דאַן וועט דיזע הריגה קיין שום אַיינדרוק אויף'ן פֿאָלק ניט מאַכען, ביז וואַנען די פּאַרטיי פֿון דער „שוואַרצער אומטהיילונג" האָט נאָך ניט געהאַט קיינע פֿעסטע פֿערבינדונגען מיט'ן פֿאָלק, איז ביי איהר געבליבען צו העלפֿען די טעראָריסטען. דעריבער איז זי אין קיין פּאַרטיי ניט אַריינגעגאַנגען און האָט געהאָלפֿעןביידע פּאַרטייען. אין נאָוועמבער 1879 איז זי געווען די בעל-הבית'טע פֿון דער קוואַרטיר אין סוכאָרוקאָווס הויז אונטער מאָסקוואַ, פֿון וועלכען האַרטמאַן און אַנדערע האָבען געגראָבען די מינע. דערביי האָט זי אַרויסגעוויזען אַ גרויסע געשיקטקייט; זי איז געבליבען אויף'ן אָרט ביז צו דער רעכטער עקספּלאָזיאָן, און האָט זיך צומישט מיט דעם דערשראָקענעם עולם, וואָס איז בעת מעשה אָנגעלאָפֿען. זי איז גלייך אַוועקגעפֿאָהרען אין פּעטערבורג; אין דעם זעלבען וואַגאָן איז געזעסען אַ שכן פֿון סוכאָרוקאָווס הויז, נאָר ער האָט איהר ניט געקענט דערקענען. אין פּעטערבורג האָט זי ערקלערט, אַז זי האָט בדעה אַריינגעהן אין פּאַרטיי פֿון „טשאָרנעם פּערעדעל", אויב דיזע פּאַרטיי רעכענט אין גיכען אַרויסצורופֿען צווישען פֿאָלק אַ גרעסערע בעוועגונג. מען האָט איהר אויפֿגעוויזען, אַז עס איז אַ שווערע זאַך. „אויף אַזאַ אופן האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט, ווי צושטעהן צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". דאָ איז זי דורכאויס געשטאַנען פֿאַר אַ צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע און פֿאַר אַ שטרענגער דיסציפּלין. זי האָט זיך העכסט ענערגיש גענומען אַרבייטען צווישען דער סטודירענדער יוגענד און די אַרבייטער, ווייל אָהן דער אונטערשטיצונג פֿון די אַרבייטער און דעם חיל, האָט זי געהאַלטען פֿאַר אונמעגליך די רעוואָלוציע. איהר איינציגער פֿעהלער, וועלכען זי האָט קיינמאָל ניט מודה געווען, איז געווען, וואָס זי האָט זיך גאָר ניט אָבגעהיט; אָבער, אמת, צוליעב איהר געשיקטקייט פֿלעגט זי נצל ווערען פֿון אַלע סכנות, און וועלכע זי פֿלעגט אַריינפֿאַלען איבער דער אונפֿאָרזיכטיגקייט. דער לעצ-

טער יאָהר פֿון איהר לעבען איז ביי איהר געווען, ווי עס ווייזט אוי
דער ערשטער יאָהר פֿון ליעבע (דער ביאָגראַף איז דערינען ניט גאַנץ
זיכער) איבערהויפּט איז זי געווען אַ „ווייבערשער פּאַטריאָט“. זי האָט
פֿון פֿרויען מעהר געהאַלטען, איידער פֿון די מענער, פֿון וועלכע זי
האָט נור אייניגע הויך געשעצט. נאָר זשעליאַבאָוו האָט זיך געקענט
מיט איהר פֿערגלייכען אין אַלע פּרטים; אויך זיינען זיי ביידע געווען
שיינע. דעם 27-טען פֿעברואַר 1881 האָט מען זשעליאַבאָוו׳ן אַרעסטירט.
פּעראָווסקאַיאַ האָט נאָך צייט געהאַט אויסצוראַמען אַלץ פֿון איהר
קוואַרטיר אין האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון די הענד פֿון דער פּאָליציי,
וועלכע ס׳האָט איהר געזוכט. נאָך דעם 1-טען מערץ האָט מען איהר
אַיינגערעדט אַוועק פֿאָהרען אין אויסלאַנד, נאָר זי איז געבליבען, ווייל
אין פּעטערבורג, האָט זי גערעכענט, וועט עס גראַדע איצטער אינטע-
רעסאַנט זיין. דעם 10-טען מערץ האָט מען איהר אַרעסטירט, בעת זי
איז געפֿאָהרען אויף אַ דראָזשקע איבער׳ן גאַס.

גאַנץ פֿערשיעדען פֿון דיזע מענשען, פֿון דיזע אָרגאַניזאַטאָרישע
אין פּראַקטישע טאַלאַנטען איז ניקאָליי קיבאַלטשיטש, (געבאָרען
1853—54), אַ זוהן פֿון אַ דאָרפֿישען גלח אין טשערניגאָווער גובערני,
אַ קליינרוס, אויף וועלכען ס׳איז ביז צום סוף פֿון זיין לעבען ניכר גע-
ווען די ליעבע צו אוקראַינע און די פֿעדעראַליסטישע טענדענצען. פֿון
1871 איז ער געווען אַ סטודענט פֿון דער אינזשינער שוהלע, אין 1875
איז ער אַריבער אין דער מעדיצין כירורגישער אַקאַדעמיע פֿון פּעטערבורג.
דאָ האָט ער געהערט צו אַ פֿעראיין פֿון זעלבסטבילדונג, האָט געשרי-
בען רעפֿעראַטען וועגען נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע פֿראַגען; ער האָט אָבער
ניט געהאַט קיינע בעשטימטע פּאָליטישע אַנזיכטען, און האָט זיך ניט
בעשעפֿטיגט מיט דער פּראַקטישער פּאָליטיק. אין 1875-טען יאָהר האָט
איהם אַ בעקאַנטע דאַמע, וועלכע עס האָט זיך געריכט אויף אַ הויז-זוכונג,
געבעטען בעהאַלטען ביי זיך אַ פּאַק אונלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס זי
האָט ערהאַלטען פֿון אויסלאַנד. ער האָט איהר געטהאָן די טובה: נאָר
מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ביי איהם אַליין פֿאָרגעקומען אַ הויז-
זוכונג, ווייל ער האָט מיט אַ צייט צוריק, בעת ער איז געווען סוף-הזמן
אין דער היים, צופֿעליג געגעבען אַ בעקאַנטען בויער אַ בראָשורע,
וועלכע ס׳איז אומגעגאַנגען פֿון האַנד אין האַנד און אין לסוף אַריינגע-
פֿאַלען צו די זשאַנדאַרמען. ביז׳ן משפּט איז ער געזעסען אַ פֿערשפּאַר-
טער אין אַ בעזונדערען חדר דריי יאָהר; דערנאָך האָט מען איהם אויף׳ן
פּראָצעס פֿון 193 פֿער׳משפּט אויף איין חדש זיצען. די התמדה, מיט
וועלכער קיבאַלטשיטש האָט סטודירט אפילו אין געפֿענגניס ערנסטע
למודים, איז געווען גאָר אַ זעלטענע. אין דער צייט ווען דער ס׳רוב
אַרעסטירטע ווערען אָבגעלאָזען אין ליגען אָב גאַנצע שעה און אפילו
גאַנצע טעג אויף׳ן בעטעל אָדער געהן אַרום הין און צוריק איבער׳ן
חדר, האָט קיבאַלטשיטש שטענדיג געלייענט מיט אַ גרויסער
התמדה אַלערליי וויסענשאַפֿטליכע ביכער. אפילו זיין שפּאַציר גאַנג איז
ביי איהם אויך ניט געווען בלויז אַ היילער פֿערגעניגען, ער פֿלעגט זיך
סטאַרען אין דיזער צייט בעקאַנט צו ווערען מיט אַרעסטאַנטען און צו
געווינען זיי פֿאַר׳ן סאָציאַליזם, וואָס איהם פֿלעגט זיך אַ׳ן אַנדערס מאָל
אַיינגעבען. נאָך זיין כאַראַקטער איז קיבאַלטשיטש געווען אַ פֿלעגמאַ-
טיקער, גערעדט האָט ער לאַנגזאַם. די ווערטער אויסגעצויגען; אויף
מענשען, וואָס זיינען מיט איהם געווען ווייניג בעקאַנט, פֿלעגט ער מאַ-
כען ניט אַ גוטען איינדרוק. ער האָט אַלעמאָל אויסגעזעהן רוהיג און
מען האָט אויף איהם קיינמאָל ניט געקענט דערקענען, ווען ער איז צופֿ-
רידען אָדער פֿרעהליך; אַ סך האָבען איהם געהאַלטען פֿאַר אַ׳ן אָבגע-

לאָזענעם, פֿערשלאָפֿענעם. זיינע גֿעקאַנטע פֿרויען פֿלעגען ניט קענען
סובֿל זיין, ווי ער רעדט און ציהט די ווערטער און ער פֿלעגט מוזען אַ
סך אויסשטעהן פֿון זייער אָבלאַכען. דערפֿאַר איז אָבער זיין ווייכקייט און
גוטהאַרציגקייט זעהר ניכר געווען אויף זיין געזיכט. נאָר איינמאָל איז
ער אין דער צייט פֿון זיין זיצען לעבעדיג געוואָרען; דאָס איז געווען,
ווען ער האָט דערהערט ועגען דעם פלאַן פֿון איינגע רעוואָליציאָנערען
אויפֿצורייסען אין דער לופֿט די גאַנצע קייזערליכע פֿאַמיליע. „דאָס איז
גוט, אויסגעצייכענט! פֿאַר וואָס נעהמען זיי זיך ניט דערפֿאַר ערנסט?
אויב מען וועט מיך ניט פֿערשיקען אין סיביר, וועל איך זיך אָבגעבען
מיט דעם ניטראָגליצערין!" דאָס האָט זעהר פֿערוואונדערט זיינע חברים,
ווייל ער איז אַלעמאָל געווען געגען אַ פֿריהצייטיגער רעוואָלוציע. נאָר
קיבאַלטשיטש האָט מקים געווען זיין הבטחה, נאָך זיין בעפֿרייאונג האָט
ער זיך גענומען סטודירען די עקספּלאָזיווע (אויפֿרייסענדע) שטאָפֿען און
עס איז מערקווירדיג, וואָס אין יענער צייט (1878—1879) האָבען אַ סך
רעוואָלוציאָנערען, אונאַבהיינגיג איינע פֿון די אַנדערע, גענומען זיך פֿאַר
דיזען לימוד. אין פֿריהלינג 1879 איז זיך קיבאַלטשיטש נאָהענט צונויפֿ-
געגאַנגען מיט די רעוואָלוציאָנערען און האָט גענומען אַ'ן אַנטייל אין
זייער אַגיטאַציע. אַ לאַנגע צייט האָט ער געהערט צו אַ פֿעראיין, וואָס
איז דירעקט געשטאַנען אונטער דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט און פֿון וועל-
כען עס זיינען שפּעטער אַרויס 5—6 בערימטע טעראָריסטען. דאָך איז
קיבאַלטשיטש געווען ניט קיין אַגיטאַטאָר און ניט קיין אָרגאַניזאַטאָר;
זיצען אין לערנען — דאָס איז געווען נאָך זיין גאַמור נאָך; ער איז
געווען אַ מענש פֿון רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען, אָבער ניט פֿון אַ רע-
רעוואָלוציאָנערען טעמפּעראַמענט. אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גוטע און
גייסטיג איז ער געווען זעלבסטשטענדיג; אין דעם פּרט איז ער געשטאַ-
נען העכער פֿאַר אַ סך אַנדערע. גרינג פֿלעגט איהם אַלץ אָנקומען אין
לאַבאָראַטאָריום און אין דער וויסענשאַפֿט, אָבער ניט אין פּראַקטישע
לעבען. דאָ פֿלעגט ער אַלץ טהאָן צערשטרייט, אומפֿאָרזיכטיג און אונגע-
שיקט, און האָט ניט האָלט געהאַט די קליינינגקייטען, וואָס זיינען פֿער-
בונדען מיט דער אַגיטאַציע. דעריבער איז ער קיין פֿיהרער ניט געוואָ-
רען. אויך אויף די קאָנגרעסען האָט ער קיין אַנטייל ניט גענומען,
אָבער פֿון אָנהויב אָן איז איהם געפֿעלען געוואָרען דאָס פּראָגראַם פֿון
די טעראָריסטען און ער האָט געשריבען אין זייער צייטונג. ער האָט
גערן גענומען אויף זיך צו פֿיהרען די עסקים פֿון לאַבאָראַטאָ-
ריום און האָט זיך אין איהם בעשעפֿטיגט, ביז מען האָט איהם אַרעס-
טירט. פֿאַר אַ פּראַקטישען אַרבייטער האָט ער דאַ אויך ניט געטויגט,
דערפֿאַר איז ער אָבער געווען אַ'ן אויסגעצייכענטער טעאָרעטיקער. ער
האָט זיך אַליין אויסגעלערנט פֿראַנצויזיש, ענגליש און דייטש און האָט
גוט געוואוסט די ליטעראַטור וועגען די עקספּלאָזיווע שטאָפֿען, וואָס
איז געווען אויף דיזע אַלע שפּראַכען. דערצו פֿלעגט ער זעהר לייכט
אויסטראַכטען אַלערליי המצאות און האָט געוואוסט אַלערהאַנד מיטלען
ווי צו מאַכען מינען און באָמבען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אָדער
מיט דעם, וואָס מען האָט זיי געקענט צוגרייטען זעהר לייכט און ביליג,
אָדער, וואָס זיי פֿערנעמען ווייניג אָרט, אָדער, וואָס זיי ווירקען זעהר
גוט אונטער וואַסער און אַז. וו. אין משך פֿון זיין צוויי-יאָהריגער אַר-
בייט אין דעם אויסגעצייכענטען לאַבאָראַטאָריום איז ער אַזוי געניט
געוואָרען אין זיין פֿאַך, אַז בעת'ן משפּט האָט זיך קיין עקספּערט ניט געקענט
מיט איהם פֿערגלייכען. ער פֿלעגט דער ס'רוב נור אויסטראַכטען דעם
פלאַן ווי צו מאַכען די אָדער יענע באָמבען, די קלייניגקייטען און פֿער-
בעסערונגען פֿלעגען דאַן אויסאַרבייטען זיינע העלפֿער. אַ חוץ זיין אַר-

בייט אין לאַבאָראַטאָריום האָט קיבאַלטשיטש אויך געאַרבייט פֿאַר געיד, האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט ליטעראַטור, פֿיעל געלעזען; ער האָט געהאַט אַ גוטען זכרון און זעהר אַ גיכע תפיסה, אויך האָט ער גוט און לייכט געשריבען, נאָר ווייל ער האָט קיין פֿרייע צייט ניט געהאַט, האָט ער זיך ווייניג דערמיט אָבגעגעבען. ער איז שטענדיג געווען פֿערנומען מיט פֿילאָזאָפֿישע און טעכנישע פֿראַגען; מיט איהם איז דעריבער אינטערעסאַנט געווען צו פֿערברייגען און ער פֿלעגט בעקומען חן אין יעדערענס אויגען. מיט מענשען פֿלעגט ער זיך בעגעהן ווי אַ גרויסער אָפּטימיסט, ער פֿלעגט יעדערען רעכענען פֿאַר אַ גוטען מענשען און איהם פֿלעגט גאָר אויף'ן זינען ניט אַרויפֿקומען, אַז עמיצער קען איהם ווילען עקספּלואַטירען. איבער זיין אונגעוועהנליכער צערשטרייטקייט פֿלעגען די יונגע מיידלעך אָפֿט פֿיהרען פֿון איהם טורעס. ווען ער פֿלעגט עס ענדליך בעמערקען, פֿלעגט ער זיך גאַנץ ערנסט נעהמען ערקלערען, ווי לייכטזיניג די פֿרויען זיינען און מיט וועלכע נאַרעשקייט זיי קענען זיך אינטערעסירען. גאַנץ פֿערטיעפֿט אין דער וויסענשאַפֿט, איז קיבאַלטשיטש גלייכגילטיג געווען צו אַלגעמיינע מענשליכע בעדערפֿניסען און געפֿיהלען. ער איז אפשר קיינמאָל אויף זיין לעבען ניט געווען שטאַרק אין כעס, האָט זיך מיט קיינעם ערנסט ניט געקריגט און פֿלעגט אויסקומען מיט אַלעמען גלייך גוט. חאָטש ער האָט געהאַט אַ סך בעקאַנטע, איז ער מיט קיינעם ניט געווען קיין נאָהענטער פֿריינד. איהם זיינען, ווי עס ווייזט אויס, די געפֿיהלען פֿון ליעבע און פֿריינדשאַפֿט געווען פֿרעמד. וועגען די פֿרויען פֿלעגט ער אַלץ זאָגען: „זיי האָבען אַלע האָלט, אַז מען זאָל זיך מיט זיי אָבגעבען, אַרומטאַנצען אַרום זיי; איך קען עס ניט און דערצו האָב איך אויף דערויף קיין צייט ניט". קיין פּערזענליכען גליק האָט ער ניט געהאַט, נאָר ער האָט דערפֿון קיינמאָל ניט געליטען, ער האָט עס ניט געדאַרפֿט. ער איז געווען אין גאַנצען אַריינגעטהאָן אין דער וויסענשאַפֿט. דער כעמיע האָט ער זיך אָבגעגעבען ניט נור צוליב זיין ספּעציעלען צוועק, נאָר אויך צוליב אַנדערע אַלגעמיינע אויפֿגאַבען. מיט אַ פּראָיעקט פֿון אַ לופֿטבאַלאָן, וואָס זאָל זיך בעוועגען דורך עקספּלאָזיווע שטאָפֿען, האָט ער זיך אַרומגעטראָגען ביז צו דער לעצטער צייט פֿון זיין לעבען, ווי אַרכימעד מיט זיינע צייכנונגען. מען זאָגט, אַז אין אייניגע פּרטים פֿון דיזען פּראָיעקט זיינען געלעגען נייע געדאַנקען.

צו די רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען ניט געשטאַמט פֿון „אינטעליגענטען" האָט געהערט די בעוואוסטע העסע העלפֿמאַן. „די פּאָעטען וועלען וועגען איהר ניט זינגען קיין ליעדער, די געשיכטע וועט ניט אָנרופֿען איהר נאָמען, די קומענדע דורות וועלען אויף איהר פֿערגעסען, און דאָך האָט די פּאַרטיי אָהן איהר אַרבייט ניט געקענט עקסיסטירען". אַזוי שרייבט וועגען איהר סטעפּניאַק (קראַווטשינסקי) אין זיין „אונטערערדישען רוסלאַנד". זי איז געבאָרען אין מאָזיר (מינסקער גוב.) אין 1855-טען יאָהר; איהר פֿאָטער איז געווען אַ תקיפ'ער בעל-הבית, אַ פֿערצייטיגער פֿרומער איד; איהר שטיפֿמוטער האָט זיך מיט איהר בעגאַנגען זעהר שלעכט. צו זעכצעהן יאָהר האָט מען איהר געוואָלט חתונה מאַכען מיט אַ גרויסען למדן; אמת, פֿאַר אַזאַ כבוד האָט מען געמוזט נעהמען אויף זיך מפרנס זיין איהם און דאָס געזינד. העסע איז אַנטלאָפֿען פֿון איהרע עלטערן; ניט ווייניג קללות האָט זי בעקומען אויף'ן וועג. אין קיעוו האָט זי געלעבט פֿון שניידעריי און זי האָט זיך געסטאַרעט ממלא זיין די חסרונות פֿון איהר עלעמענטאַרער בילדונג, וואָס איהר האָט זיך אָבער קיינמאָל ווי געהעריג ניט איינגעגעבען, ווייל זי האָט ניט געקענט גוט ריידען און ריכטיג שרייבען אויף רוסיש,

פ׳ינדעסטוועגען האָט זי אין 1874-טען יאָהר אויסגעהאַלטען דעם עק-
זאַמען, וואָס האָט זיך געפ׳אָדערט אויף אָנצוקומען אויף די הויבאַמע-
קורסען, און האָט זיך מיט אַ גרויסער התמדה גענומען פ׳אַר איהר
„זעלבסטבילדונג״, וועלכע ס׳האָט דעמאָלט אַ גרויסע ראָלע געשפּיעלט
צווישען דער סטודירענדער יוגענד. זי איז געוועז זעהר אַ גרויסע בריה
אין שטוביגער בעל-הבית׳ישקייט; דעריבער האָט מען אין גיכען גאָר ניט
געקענט אויסקומען אָהן איהר, ווען מען האָט געדאַרפ׳ט מאַכען אַ׳ן
אָוועגד, אַ וועלכע ניט איז סעודה אָדער אימיצען אויסהעלפ׳ען. זי איז
געוואָרען אַ סאָציאַליסטקע, נאָר זי האָט ביז צו די לעצטע טעג פ׳ון
איהר לעבען ניט געקענט גוט דורכנעהמען די טעאָרעטישע יסודות פ׳ון
דיזער לעהרע. צוערשט האָט זי זיך נאָך׳ן מיסטער פ׳ון דער העלדין
אין טשערנישעווסקים ראָמאַן (טשטאָ דיעלאַט?) גענומען איינפ׳יהרען
גענאָסענשאַפ׳טען פ׳ון נעהטערינס; זי האָט עס אָבער געוואָרפ׳ען, ווען
די מאָסקווער פּראָפּאַגאַנדיסטען האָבען איהר אָנגעוויזען אויף אַ בריי-
טערען פ׳עלד פ׳אַר איהר אַרבייט. זי איז אַוועק אין פ׳אָלק, דער עקר בדי
צו בעקענען זיך מיט איהם און האָט געאַרבייט אין דעם בעריהמטען
קלויסטער אונטער קיעוו אַלס אַ איינפ׳אַכע אַרביימערין. דאָ האָט מען
איהר אין הערבסט 1875 טען יאָהר אַרעכטירט פ׳אַר איינגע בריעף,
וואָס זיינען געוועזן צו איהר אַדרעסירט. אָבגעזעסן איז זי פ׳אַר׳ן משפּט
ניט ווענינגער ווי צוויי יאָהר אין אויף׳ן פּראָצעס פ׳ון 50 האָט מען איהר
צוגע׳משפּט נאָך צוויי יאָהר זיצען; פ׳ערשפּאַרט האָט מען איהר מיט
יונגע פּראָסטיטוטקעס; פ׳יהלענדיג, אַז זי שטעהט אַ סך העכער פ׳ון
זיי, פ׳לעגען זיך די פּראָסטיטוטקעס בוקם זיין אָן איהר און פ׳לעגען אויף
איהר אַרויפ׳וואַרפ׳ען די גרעבסטע אַרבייטען. נאָך איהר לאַגע האָט זיך
פ׳ערבעסערט נאָך דעם, ווי דאָס געפ׳ענגניס האָבען בעזוכט איינגע דאַ-
מען פ׳ון אַ צדקה חברה און איינע אַ דאַמע פ׳ון די „הויכע פ׳ענסטער״
האָט זיך פ׳אַר איהר איינגעשטעלט. מען האָט איהר אַוועקגעזעצט אין
איין חדר מיט איהר חבר׳טע טאָפּאָרקאָוואַ און זי האָט אָנגעהויבען בע-
קומען בעסערען קעסט צוליעב איהר קראַנקהייט: איבער דעם שלעכטען און
קנאַפּען עסען האָט זי בעקימען אַ מאָגען-קאַטאַר. דאָ האָט זי געמעגט
אויסנייען פ׳אַר דער אויפ׳זעהערין פ׳ון געפ׳ענגניס. דעם 14-טען מערץ 1879
האָט מען איהר בעפ׳רייט און פ׳ערשיקט אין סטאַראַיאַ רוסאַ, וואו זי
האָט געזאָלט לעבען מיט 6 רובל אַ חודש אין אונטער דער פּאָליציי-
אישער השגחה. דאָ האָט איהר איינע אַ יונגע דאַמע פ׳ערשאַפ׳ט אַ
פּאַס און געלד, און אין נאָוועמבער איז זי שוין אַנטלאָפ׳ען אין פּעטער-
בורג. נאָר איבער דעם לאַנגען זיצען אין געפ׳ענגניס האָט זי אָנגעוואָרען
איהר געזונד. זי איז מעהר ניט געווען אַזוי פ׳ריש און פ׳רעהליך ווי
פ׳ריהער; זי האָט אויסגעזעהן זעהר שלעכט און אויסגעדאַרט. אויך איז
זי געוואָרען אַזוי נערוועז, אַז פ׳ון שלאָף פ׳לעגט זי ענטפ׳ערען, ווען מען
פ׳לעגט ביי איהר שטילערהייט וואָס ניט איז פ׳רעגען. אויסערדעם איז
זי געווען זעהר אַ מאוסע. אין פּעטערבורג האָט זי חתונה געהאַט
מיט דעם בעוואוסטען טעראָריסט קאָלאָדקעוויטש; נאָר פ׳ון זייערע בע-
ציהונגען האָבען זייטיגע מענשען גאָר ניט געוואוסט, ווייל זיי האָבען
ניט געוואָהנט אויף איין קוואַרטיר. קומענדיג אין פּעטערבורג, איז זי
באַלד געוואָרען אַ מיטגליעד פ׳ון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״
און איהר איז אויסגעקומען צו ווערען אַ בעל-הבית׳טע פ׳ון די וויכטיג-
סטע קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען, ווייל זי האָט זיך געקענט בעהערשען
און איז געווען אַ בריה אויף אַזעלכע זאַכען, ווי גיך פּטור צו ווערען
פ׳ון דוואָרניק, פ׳ון בעל הבית פ׳ון הויז און בכלל פ׳ון אינגעבעטענע
געסט. שוין אין ווינטער 1879 איז זי געווען אַ בעל הבית׳טע פ׳ון אַ

קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר; דערנאָך איז זי געווען אַ בעל הבית'טע אין אַ קוואַרטיר פֿון אַ'ן אַרבייטער פֿעראיין, דאַן פֿון אַ דינאַמיט-ווערקשטאַט און ענדליך, פֿון דער געהיימער דרוקעריי פֿון דער אַרבייטער ציישונג, פֿון וועלכער מען האָט שפּעטער געמאַכט אַ דינאַמיט-ווערקשטאַט. אין פֿעברואַר 1881 האָט זי דיזע קוואַרטיר פֿערלאָזען און האָט זיך אַריבער געקליבען אויף דער גאַס טעלעזשנאַיאַ, און אין דעם טאָג, ווען מען האָט גע'הרג'עט דעם צאַר, האָט מען איהר דאָרט אַרעסטירט, בשעת סאַבלין האָט זיך דערשאָסען. אין געפֿענגניס האָט זי זעהר אַ סך געליטען איבער דעם, וואָס זי איז שוואַנגער געווען, נאָר זי האָט די זשאַנדאַרמען אויף קיינע פֿראַגען ניט געענטפֿערט. אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פֿון אויסלאַנד, איז די רעגירונג געצוואונגען געווען צו פֿערבייטען איהר טויטשטראָף דורך אויביגע קאַטאָרגע. נאָר אַזוי ווי עס איז דאָך אַרויס אַ קלאַנג, אַז מען האָט איהר אויפֿגעהאַנגען, האָט די רעגירונג איינגעאָרדנעט, אַז אַ קאָרעספּאָנדענטין פֿון אַ'ן אויסלענדישער ציישונג זאָל איהר זעהען. דעם 1 טען פֿעברואַר 1882 איז זי געשטאָרבען אין פּעטערבורגער געפֿענגניס.

צום שלום עטליכע ווערטער וועגען איגנאַטי גרינעוויצקי, וועמענס באָמבע עס האָט געטויטעט דעם צאַר אַלעקסאַנדר II. ער האָט זיך געהאַלטען פֿאַר אַ ליטוואַק, די פּאָלען רעכענען איהם אָבער פֿאַר אַ זוהן פֿון זייער פֿאָלק. אויף פּויליש האָט ער דאָך שלעכט גערעדט, רוסיש האָט ער געוואוסט, ווי זיין מוטער-שפּראַך. געבאָרען איז ער אין 1856-טען יאָהר אין מינסקער גוב., וואו זיינע קאַטאָלישע עלטערן זיינען געווען קליינע ערדאייגענטימער. אין די 60 גער יאָהרען האָט זיין פֿאָטער געקויפֿט אַ הויף אין גראָדנער גוב., אין דאָרף גרינעוויטשי, פֿון וואַנען עס שטאַמט זיין פֿאַמיליע. די הכנסה פֿון זיין קליינעם הויף (60-70 דעסאַטין) האָט קוים געקלעקט פֿאַר דער גאַנצער געזינד, וואָס איז בעשטאַנען פֿון 11 מענשען. די גאַנצע געזינד האָט געמוזט אַרבייטען אויף'ן פֿעלד. די ערציהונג פֿון די קינדער האָט אַ סך געקאָסט, דער פֿאָטער איז געוואָרען אַ גרויסער בעל-חוב און אין 1880-טען יאָהר האָט מען דעם הויף אָבגענומען פֿאַר חובות; די מוטער איז מיט אַ קורצער צייט פֿריהער געשטאָרבען און דער פֿאָטער איז משוגע געוואָרען. איגנאַטי האָט געענדיגט די אויעזדנע שולע אין ביעלסק און דערנאָך איז ער דורכגעגאַנגען די רעאַל-שולע אין ביעלאָסטאָק; געלעבט האָט ער דערביי אַזוי אָרעם, אַז טרינקען טהע אין אַ יום-טוב טאָג איז פֿאַר איהם געווען אַ גרויסער לוקסוס. מען האָט איהם גערעכענט פֿאַר אַ גרויסען מתמיד, ער האָט גוט געצייכענט, איז געווען אונגעוועהנליך פֿרום און איז געבליבען אַ גוטער קאַטאָליקער, גיט קוקענדיג, וואָס די חברים האָבען פֿון איהם חוזק געמאַכט. אין די 1872-75-טע יאָהרען האָבען תלמידים פֿון אַנדערע שולען פֿערטראָגען סאָציאַליסטישע אידעען אויך אין דער ביעלאָסטאָקער שולע אי'ן מען האָט דאָ אָנגעהויבען צו פֿאַנטאַזירען וועגען גלייכהייט און פֿרייהייט. דיענען דעם פֿאָלק — איז געוואָרען דער אידעאַל פֿון דעם יונגען איגנאַטי. אין 1875 יאָהר האָט ער געענדיגט די שולע אַלס דער בעסטער תלמיד אין איז אָנגעקומען אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט אין פּעטערבורג. די סטודענטען פֿון דיזען אינסטיטוט האָבען זיך דאַמאָלסט גערעכענט פֿאַר די גרעסטע ראַדיקאַלען, און זיי האָבען געהאַט מעהר פֿרייהייט, איידער די איבריגע סטודענטען. אָנקומענדיג אין אינסטיטוט, האָט גרינעוויצקי גענומען אַ'ן אַנטייל אין די געוועהנליכע סטודענטען-פֿעראיינען. די פּוילישע סטודענטען האָבען יעמאָלט געהאַט זייערע אייגענע געזעלשאַפֿטען און פֿלעגען זיך ניט מישען אין די רוסישע עסקים. גרינעוויצקי איז אַריין אין פּוילישען און

אויך אין רוסישען פֿעראיין, ווייל ער האָט גערעכענט צו דיענען דעם פֿאָלק, ניט קימערנדיג זיך וועגען דער נאַציאָנאַליטעט. זיין איינטריט אין רוסישען פֿעראיין האָבען די פּאָליאַקען געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען חטא און האָבען איהם אויפֿגעוואָרפֿען, אַז ער קאָמפּראָמענטירט זיי. אין די פֿעראיינען האָט ער זיך, ווי אַלע זיינע חברים, ניט אָבגעשטעלט אויף איין בעשטימטער אַרבייט; ער האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַלץ: געגרינדעט נייע פֿעראיינען, געהאָלפֿען די אַלטע, געקליבען געלד פֿאַר די פֿערשיקטע, געפֿיהרט די קאָרעספּאָנדענץ, געלערנט זיך מאַכען פֿאַלשע פּאַספּאָרטען, געקליבען חתימות, געמאַכט בעקאַנטשאַפֿט מיט אַרבייטער און ווי אַ טרייער חבר האָט ער ביי אַלעמען זעהר אויסגענומען.

אין 1879-טען יאָהר איז ער צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע, וועלכע עס האָט געזאָלט, נאָך דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון די קיעווער רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַטאָרען, געהן אין פֿאָלק, אָבער ניט כדי צו פּראָפּאַגאַנדירען, נאָר כדי צו גרינדען קאַמפֿפֿס-גרופּען; זיי האָבען געזאָלט בעשאַפֿען ישוב׳ען, אויף וועלכע די רעוואָלוציע זאָל זיך קענען סמך זיין בעת׳ן אויפֿשטאַנד. דער פּלאַן איז אָבער קיינעם ניט געפֿעלען געוואָרען און די גרופּע האָט ניט בעקומען קיינע נייע מיטגליעדער. גרינעוויצקי איז אָבער פֿונדעסט-וועגען דאָך אַוועקגעפֿאָהרען אין דאָרף און האָט זיך געפּרואווט צו גרינדען קאַמפֿפֿס-גרופּען. אָבער שוין אין הערבסט 1879 האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין פּעטערבורג און האָט ערקלערט, אַז דיזען פּלאַן איז אונמעגליך דורכצופֿיהרען. אין דיזער צייט וואָלט ער צופֿריעדען געווען מיט אַ וויפֿיעל ניט איז ערטרעגליכער קאָנסטיטוציע. דערנאָך האָט ער שוין אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז די טעראָריסטישע פּאַרטיי וועט קענען פֿערכאַפּען אין איהרע הענד די מאַכט פֿון דער מלוכה און אין 1880 יאָהר האָט ער זיך שוין געפֿונען צווישען איהרע מיט-גליעדער. פֿון איצטער אָן האָט שוין זיין אַרבייט געהאַט אַ בעשטימ-טען ציעל. צוערשט האָט ער געהאַט אויף זיך וועניגער וויכטיגע אויפֿגאַבען: אייניגע טעכנישע אַרביימען, זאָרגען וועגען געוויסע ידיעות, דערנאָך האָט מען איהם איבערגעגעבען צו אָרגאַניזירען אַרבייטער, ענדליך, האָט מען איהם פֿערטרויט די אַרבייט, אויף וועלכער ער האָט אַוועקגעלייגט זיין לעבען. רוהיג איז ער געשטאַנען אויף זיין וואַך, אויס-מעסטענדיג מיט׳ן אויג ווי ווייט ער איז פֿון זיין קרבן, פֿונ׳ם צאַר...

— „ווער זייט איהר?“ האָט מען ביי איהם געפֿרעגט אין האָספּיטאַל, בעת ער האָט אַ קורצע צייט פֿאַר׳ן טויט געעפֿענט די אויגען.

— „איך ווייס ניט“, זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער.

זיינע חברים זעהען אין איהם די שבחים פֿון די בעריהמטע אַלט-רוימישע און גריכישע העלדען, ווי ברוט, האַרמאָדיאוס און אַריסטאָגעטאָן.

אין דעם לעבען פֿון די דערמאָנטע קייזערמערדער שפּיגעלט זיך אָב דער גאַנג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. זיי האָבען אַלע אָנגעהויבען פֿון אַ פֿריעדליכער פּראָפּאַגאַנדע; נאָך דעם ווי די רעגירונג האָט דערשטיקט דיזע פּראָפּאַגאַנדע זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו אַ רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, און ווען דיזע אַגיטאַציע האָט צו קיינע רעזולטאַטען ניט געבראַכט, האָבען זיי זיך גענומען פֿאַר׳ן טעראָר. לגבי דעם קאַמפֿף פֿאַר פּאָליטישע פֿרייהייט איז בעת׳ן טעראָר דער סאָציאַ-ליזם געוואָרען אַ טפל זאַך. פֿון פֿעדעראַליסטען זיינען זיי געוואָרען שטרענגע צענטראַליסטען, ערשט די צוקונפֿט וועט בעווייזען, ווער זיינען

נאָך געווען די הויפּטפֿיהרער פֿון דער בעוועגונג און ווי האָבען זיי געלעבט. *

די פֿראַגע וועגען די געלדמיטלען פֿון דער פּאַרטיי איז ניט ווייניגער וויכטיג איידער די פֿראַגע וועגען איהרע פֿיהרער. פֿון וואַנען פֿלעגען די רעוואָלוציאָנערען נעהמען געלד אויף אונטערהאַלטען זייערע חברים, אויף צו שאַפֿען אַ ליטעראַטור, אויף אַרומפֿאָהרען, אויף טעראָריסטישע אונטערנעהמונגען און אויף צו שטיצען די אַרעסטירטע און פֿערשיקטע? דער עקזעקוטיוו-קאָמיטעט האָט אָפֿען ערקלערט, אַז ער האַלט, דאָס ער האָט רעכט צו „קאָנפֿיסקירען" דאָס געלד פֿון דער מלוכה, פֿון די רעגירונגס-באַנקען, פּאָסט-קאַסען און אַז. וו. אָבער ווער ווייס אויף וויפֿיעל דאָס האָט זיך איהם איינגעגעבען? די הויפּט-הכנסה איז געווים פֿון אַנדערע ערטער געקומען, נעטשאַיעוו האָט בעקומען באַכמעטיעווס רעוואָלוציאָנעם פֿאָנד פֿון 1,000 פֿונט שטערלינג. צווישען די פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון די 70-גער יאָהרען האָט זיך געפֿונען דער פֿריעדענס-ריכטער (מיראָוואָי סודיאַ) וואָינאַראַלסקי, וועלכער עס האָט אַוועקגעגעבען אויף דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג זיין פֿערמעגען פֿון 40,000 רובל. די געזעלשאַפֿט „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט געהאַט איהר געלד-קוואַל אין דימיטרי ליזאָגוב, אַ זוהן פֿון אַ'ן אַדעלס-מאַרשעל, וועלכער ס'האָט אין 1878 יאָהר אָנגעהויבען צו פֿערקויפֿען זיין הויף, וואָס האָט אָנגעטראָפֿען 150,000 רובל; אָבער שוין אין אויגוסט האָט מען איהם אַרעסטירט; אין דעם ערשטען יאָהר האָט ער געדאַרפֿט בעקומען 20,000 רובל, נאָר זיין ממונה איבער'ן הויף האָט אָבער פֿערכאַפּט דאָס געלד. דיזע געלד-סומען זיינען, נאַטירליך, נאָר אַ קליינער טייל פֿון דער גאַנצער הכנסה פֿון די רעוואָלוציאָנערען, און אפילו אויך די סומען, וואָס ווערען פֿערעפֿענטליכט אין די רעוואָלוציאָנערע צייטונגען, גיבען אונז אויך קיין ריכטיגען בעגריף ניט וועגען דער הכנסה פֿון דער פּאַרטיי. **

---

* צו די בעדייטערנסטע פּערזענליכקייטען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג געהערען אָהן אַ ספק: ל. טיכאָמיראָוו (וועלכען מען האָט נאָך עד היום ניט געכאַפּט און וועגען וועלכען זשעליאַבאָוו פֿלעגט זאָגען, אַז איהם איז אַזוי שווער צו געפֿינען, ווי אַ נאָדעל אויף'ן דעק ים), זשעליאַבאָוו, קיבאַלטשיטש, אַלעק. קוויאַטקאָווסקי, אַלעק. מיכאַילאָוו, שיראַיעוו, זונדעלעוויטש, סוכאַנאָוו, אָססינסקי, יאַק סטעפֿאַנאָוויטש, פּראָלענקאָ, קאָלאָדקעוויטש, באַראַנניקאָוו, אַדריאַן מיכאַילאָוו, קלעמענס, קראַווטשינסקי (סטעפניאַק), באָגדאַנאָוויטש, גראַטשעווסקי, און פֿרויען: פּעראָווסקאַיאַ, לעשערן פֿאָן הערצפֿעלד, זאַסוליטש, באַרדינאַ, אָלגאַ לובאַטאָוויטש, ברעשקאָווסקאַיאַ, יאַקימאָוואַ און נאָך אַ סך אַנדערע.

פֿון דעם איבערזעצער. ל. טיכאָמיראָוו, וועלכער ס'האָט זיך נאָך אין די 1883-1882 יאָהרען, אין דער צייט ווען טהון האָט געבען זיין געשיכטע, געפֿונען אין די רייהען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, האָט דערנאָך חרטה געהאַט אויף זיין פֿריהערדיגער טהעטיגקייט. די זעלבסטהערשונג האָט איהם מוחל געווען זיינע חטאים און ער האָט זיך בעזעצט אין מאָסקווע און איז געוואָרען איינער פֿון די ערגסטע רעאַקציאָנערען.

** אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" No 6 זיינען געווען פֿערצייכענט פֿון דעם 1-טען מערץ ביז'ן 15-טען יולי 1881 בסך הכל נאָהענט פֿון 22,700 רובל, אין No 7 פֿון דעם 15-טען יולי ביז'ן 1-טען דעצעמבער

וואָס איז שייך צו דער אינערער אָרגאַניזאַציע פֿון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, האָב איך שוין פֿון די איינצעלנע גרופּען גע-זאָגט, ווען איך האָב וועגען זיי גערעדט, אַליין וואָס איך ווייס וועגען דעם; דאָ איז מיר נאָר געבליבען מוסיף צו זיין איניגע ווייטערע ידיעות. צו די וויכטיגסטע אונטערנעהמונגען פֿון די רעוואָלוציאָנערען געהערען די געהיימע דרוקערייען, וואָס ווערען בעשאַפֿען אויף צו בעפֿרידיגען די נויטגסטע בעדערפֿניס פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער פּעריאָדישער פּרעסע. שוין אין דעם ערשטען פּעריאָד פֿון דער בעוועגונג, אין אָנהויב פֿון די זעכציגער יאָהרען, האָבען די קאָנסטיטוציאָנאַליסטען געהאַט אַ'ן אייגענע געהיימע דרוקעריי, וועלכע מען האָט דערנאָך ענטדעקט אין דעם הויז פֿון דעם גענעראַל שטאַב און אין וועלכער מען האָט אין 1861-טען יאָהר געדרוקט דעם „וועליקאָראָס"; די אַנדערע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע גרופּען פֿון יענער צייט האָבען אויך געהאַט זייערע אייגענע דרוקערייען. נאָר בענוצט האָט מען זיך מיט זיי אויך אַזאַ קורצע צייט, ווי מיט די שפּעטערדיגע דרוקערייען, וואָס האָבען געהערט צו די גרופּען פֿון אישוטין, נעטשאַיעוו און דאָלגושין. די טשאַיקאָווצעס האָבען זיך פֿערשאַפֿט שריפֿט און אויסגעצייכענטע מאַשינען, זיי האָבען זיך אָבער דערמיט ניט געקענט בענוצען אין אַ משך פֿון גאַנצע פֿינף יאָהר. עס האָט זיך גע-דוכט, אַז מען וועט גאָר ניט קענען בייקומען די מניעות, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשטעלט ביים דרוקען; די אַרבייט איז אַ צו רעש'דיגע, די צאָהל פֿון די מענשען, וואָס מוזען זיך בעשעפֿטיגען אין דער דרוקעריי, איז צו גרויס און דערצו וואַרפֿט זיך זייער אין די אויגען די גרויסע מאַסע פּאַפּיער, וואָס מען דאַרף איינקויפֿען. נאָך אַ מאָל פּרואווען זיך איז גאָר אומזיסט, עס וואָלט נאָר געפֿיהרט צו נייע קרבנות. נאָר דעם אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלאַנט פֿון יאַקאָוו סטעפּאַנאָוויטש איז געלונ-גען צו גרינדען אין 1875-טען יאָהר אַ דרוקעריי אין קיעוו און אין 1876-טען האָט זי שוין גאָר ווי דער סדר איז געאַרבייט; * אין דיזען יאָהר

1881—איבער 8,500, אין דער ביילאַגע צום בלאַט — איבער 5,700 רובל; אין דעם „טשאָרני פּערעדיעל" No 2 — איבער 911 רובל און No 3—איבער 9,200, אין No 4—איבער 2,115 רובל; דער „רויטער קרייז" פֿון „נאַראָד. וו." פֿערצייכענט אין זיינע ערשטע דריי הודעות 8,000 פֿראַנק הכנסה, נאָך אַ געזעלשאַפֿט צוליב דעם זעלבען צוועק — איבער 1,775 רובל פֿאַר 2 חדשים.

* סטעפּאַנאָוויטש האָט זיין דרוקעריי געהאַלטען זעהר בסוד. ער האָט געהאַט אין איינעם מיט זיינע צוויי חברים, דייטש און בוכאַנאָווסקי אַ לעגאַלע קוואַרטיר און נעבען איהר האָט ער געהאַט נאָך איינע אַ געהיימע. בוכאַנאָווסקי'ן האָט מען צוערשט אַרעסטירט און פֿון געפֿענג-ניס האָט ער, האָבענדיג בדעה מזהיר צו זיין זיינע חברים, געשיקט אַ בריעף דורך אַ'ן אַרויסגעלאָזענעם אַרעסטאַנט צו סטעפּאַנאָוויטש'ן, וועלכער ס'איז אין דיזער צייט געווען צו גאַסט ביי איינעם אַ פּריין, נאָר דער שליח האָט איבערגעגעבען דעם בריעף דער פּאָליציי. דאַן האָט מען אַרעסטירט די ביידע פֿרייגעבליבענע פֿריינד אין איינעם מיט זייער מכניס אורח. איצטער האָט מען געמוזט זאַטעווען די טיפּאָ-גראַפֿיע; און אַזוי ווי קיינער פֿון די אַנדערע חברים האָט ניט געוואוסט, וואו זי געפֿינט זיך, האָט עס אַ סך טרחה געקאָסט, ביז מען האָט זיי וועגען דעם מודיע געווען. נאָך שווערער איז געווען אַרויסטראָגען פֿון שטוב אַלע חפצים פֿון דער דרוקעריי אַזוי, אַז ביי דעם בעל-הבית פֿון סטעפּאַנאָוויטש'ס דירה זאָל עס קיין שום חשד ניט אַרויסרופֿען. צוליעב דעם האָבען איניגע חברים ביי נאַכט אַראָבגענומען אַ מאָס פֿון דעם

האָט מען שוין אין דער דרוקעריי אָבגעדרוקט אַלע פּראָקלאַמאַציעס און אויך דעם אויבענדערמאָנטען פֿאַלשען מאַניפֿעסט אין די סטאַטוטען פֿון טשיגירינער בונד. אין הערבסט 1877 האָט מען סטעפֿאַנאָוויטש׳ען אַרעסטירט, די דרוקעריי האָט מען אַריבערגעפֿיהרט אין אָדעס, וואו זי איז מסתמא פֿערלאָרען געגאַנגען. אין דעם זעלבען יאָהר האָט איינער פֿון די רעוואָלוציאָנערען, אַ איד פֿון ווילנאָ, אהרן זונדעלעוויטש אַריבערגעפֿיהרט פֿון אויסלאַנד, אַלין וואָס עס איז נויטיג צו אַ דרוקעריי, און האָט געעפֿענט אין פּעטערבורג די ערשטע „פֿרייע דרוקעריי", וועלכע עס האָט געקענט רעגעלמעסיג אויספֿיהרען גרעסערע אַרבייטען. זי האָט געאַרבייט אין אַ משך פֿון 4 יאָהר און מען וואָלט איהר אפשר ניט ענטדעקט, ווען דער פּאָליציי וואָלט ניט געקומען צו הילף אַ איינפֿאַכער צופֿאַל. די דרוקעריי האָט זיך געקענט האַלטען נאָר צוליעב דער גרעסטער פֿאָרזיכטיגקייט. פֿון דער רעדאַקציע פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט נאָר איין קראַוטשינסקי געוואוסט דעם אָרט פֿון דער דרוקעריי; אין אויך ער איז דאָרט געווען נאָר איין מאָל, כדי צו געבען אָבדרוקען נאָך אין דעם ערשטען נומער די ידיעה, אַז אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו איז געלונגען צו ענטלויפֿען.* ער האָט דאָרטען געטראָפֿען פֿיער מענשען. מאַריאַ קרילאָוואַ, אַ פֿרוי פֿון 45 יאָהר, איז געווען די בעל-הבית׳טע פֿון קוואַרטיר; נאָך דעם אַטענטאַט פֿון קאַראַקאָזאָוו האָט מען איהר געוועסט פֿערשיקט, נאָר זי איז גליקליך אַנטלאָפֿען. כלומר׳שט אַלס אַ בעדיענערין האָט זיך דאָרט אויך געפֿינען אַ שעהנע בלאָנדע מיידעל, די פֿערבינדונגען מיט דער אַרומיגער וועלט האָט אונטערגעהאַלטען איינער

---

שלאָס צו זיין דירה און האָבען נאָכגעמאַכט אַ שליסעל. אויף מאָרגען איז צום בעל-הבית פֿון דער דירה געקומען אַ פֿרוי מיט איהר מאַן און האָט זיך אַרויסגעגעבען פֿאַר אַ שוועסטער פֿון סטעפֿאַנאָוויטש, וועלכער ס׳איז איצטער אויף אַ קורצער צייט פֿערבליבען אין קרעמענטשוג, און האָט איהר ערלויבט צו פֿערברייגגען עטליכע טעג אין זיין דירה בעת זי וועט דורכפֿאָהרען קיעוו. פֿאַר אַ ראיה צו איהרע רייד האָט זי איהם בעוויזען דעם שליסעל פֿון טיר. ביים בעל-הבית איז קיין שום חשד ניט אַרויף אויף׳ן זינען, ער האָט אַריינגעלאָזען די פּאָר פֿאָלק אויף עטליכע טעג אין דער דירה פֿון זיין שכן אין האָט זיי זעהר געדאַנקט בעת זייער אָוועקפֿאָהר פֿאַר די געלד, וואָס ער האָט בעקומען אויף בראַנפֿען. באַלד נאָכדעם האָט זיך בעוויזען די פּאָליציי, וועלכע ס׳האָט דאַן דורכגעזוכט כמעט אַלע הייזער פֿון קיעוו, אָבער פֿון דירה האָט מען שוין אַלין אויסגעראַמט; נאָר עטליכע אותיות און אַ פּאָר אָבגעדרוקטע בויגען, וואָס האָבען זיך פֿערוואַלגערט אין די ווינקלעך, האָבען איהר בעוויזען, אַז זי האָט קיין טעות ניט געהאַט און אַז די דרוקעריי איז געווען טאַקי דאָ.

* אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו האָט מען אַרעסטירט בעת ער איז געקומען אויף אַ קוואַרטיר, וואו די פּאָליציי איז געזעסען. אויף׳ן גאַס האָט ער זיך אַרויסגעריסען און האָט אָנגעהויבען צו שרייען „כאַפּט איהם! האַלט איהם אויף!" דאָס פּובליקום האָט געמיינט, אַז ער לויפֿט נאָך אַ גנב און איז אויך געלאָפֿען נאָך איהם; אויף אַזאַ אופן האָט זיך איהם איינגעגעבען צונויפֿמישען זיך מיט׳ן עולם. אויף דער צווייטער גאַס האָט ער אָבגעקעהרט און איז אַרויפֿגעשפרונגען אויף אַ הויף. דאָ האָט ער אָבער דערזעהן, אַז דער הויף איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער וואַנד; נאָר איידער די פּאָליציי האָט נאָך צייט געהאַט אַרויפֿלויפֿען אויף׳ן הויף, האָט ער שוין געפֿונען אַ גוטען אָרט אויף אַריבערצוקלעטערען די וואַנד און איז אויף אַזאַ אופן נעלם געוואָרען.

אַ יונגער מאַן, אַ׳ן ערך פֿון 26 יאָהר, אַ מענש מיט אַריסטאָקראַטישע
מאַניערען, וואָס האָט גערעדט נאָר געצעהלטע ווערטער. ער איז
געוועזען אַ זוהן פֿון אַ גענעראַל און אַן אייניקעל פֿון אַ סענאַטאָר און
האָט זיך אַרויסגעגעבען פֿאַר אַ בעאַמטען אין מיניסטעריאום, אין זיין
פּאַרטפֿעל האָט ער אָבער קיין אַנ״ער זאַך ניט געטראָגען, ווי נור די מאַ-
נוסקריפּטען און די קאָרעקטורען פֿון דער פֿערבאָטענער צייטונג. דער אַנ-
דער זעצער (ליבקין) האָט די חברים ניט אויסגעזאָגט זיין פֿאַמיליע. ער
איז געווען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „פֿויגעל״, און האָט זיך אַליין
געטויטעט, ווען די פּאָליציי האָט גענומען די דרוקעריי פֿון דער „נאַ-
ראָדנאַיאַ וואָליאַ״ נאָך אַ פֿיער שעה׳דיגען האַרטען און שרעקליכען
קאַמפֿ. זיין לאַגע איז געוועזען די שווערסטע, ווייל פֿון פֿאָרזיכ-
טיגקייט וועגען האָט ער געלעבט גאָר אָהן אַ פּאַס און האָט זיך גע-
מוזט אָבהיטען, אַז איהם זאָל ניט דערזעהן דער הויז-וועכטער (דוואָר-
ניק). דער יונגער פֿאַנאַטיקער איז געווען ניט מעהר ווי 23 יאָהר, נאָר
די סמנים פֿון שווינדזוכט זיינען שוין געלעגען אויף זיין געזיכט, זיינע
באַקען, וואָס האָבען ניט געוואוסט פֿון פֿרישע לופֿט און פֿון דער שיין
פֿון דער זון, זיינען געווען בלאַס ווי ביי אַ מת; זיינע אויגען, שווארצע
און גרויסע, ווי ביי אַ גאַזעלע, האָבען געברענט ווי מיט אַ פֿייער און
אין זיי איז געלעגען אַ מיעפֿער טרויער. די דרוקעריי איז געווען איינ-
געאָרדענט אויף׳ן איינפֿאַכסטען אופֿן פֿון דער וועלט: עטליכע קאַסטענס
מיט אותיות, אַ קליינער צילינדער פֿון אַ קלעפּיגע ווייכען מאַטעריאַל,
אַ גרעסערער צילינדער איבערגעצויגען מיט טוך, וועלכער עס האָט
געדיענט פֿאַר אַ דרוקמאַשין, צוויי פֿלאַשען מיט דרוק פֿאַרב, אַ פּאָר
בערסטלעך און שוואָמען. אַלין איז געווען אַזוי צוגעפּאַסט, אַז אין איין
פֿערטעל שעה זאָל מען עס קענען בעהאַלטען אין אַ גרויסען וואַנד-
אַלמער, כדי קיין שום חשד ניט צו ערוועקען ביים הויז-וועכטער, פֿלעגט
מען מיט אַלערליי אויסריידען אָפֿט איינלאַדען איהם אין דיזען צימער.
אַזוי האָט געלעבט די קליינע גרופּע אין שטענדיגע סכנות און ענוים.

די רעדאַקציע פֿון די צייטונג איז, ווי עס ווייזט אויס, געלעגען
אין די הענד פֿון אַ בעזונדערען קאָמיטעט. אין דער רעדאַקציע פֿון
„זעמליאַ אי וואָליאַ״ האָט אויך גענומען אַ׳ן אַנטייל אַ. מיכאַילאָוו,
וועלכער פֿלעגט פֿאָדערען, אַז די אַרטיקלען זאָלען איינשטימען מיט
דער פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטיי, זאָלען זיין גוט און לאָגיש געשריבען
און דער עקר מעגליכסט קורץ און שאַרף. אַ מעלה, וואָס מען קען,
אגב, זעהר זעלטען טרעפֿען ביי די רוסען. נאָך דעם אַרויסגעהן פֿון
יעדער נומער פֿלעגט ער מאַכען אַ יום-טוב, אַ סיום; צו 9 אַ זייגער
אין אָווענד פֿלעגט ער צונויפֿרופֿען די רעדאַקציע און פֿלעגט שטעלען
כבוד. קודם כל פֿלעגט ער אַרויסנעהמען אַ פֿלאַש קאָניאַק, פֿלעגט
צוגרייטען יעדערען אַ גלאָז פּונש, אַ משקה, וואָס איז געווען זעהר
אָנגענומען ביי די רעוואָלוציאָנערען, און פֿלעגט גלייך צוריק בעהאַל-
טען דעם קאָניאַק, מורא האָבענדיג, אַז די געסט זאָלען ניט נעה-
מען אַ איבעריגע ביסעל משקה. דערנאָך פֿלעגט ער דערלאַנגען אַ
וועלכען ניט איז מין פֿיש, טהע מיט זיסע געבעק, פֿאַר די, וואָס פֿלע-
גען זיך פֿערשפּעטיגען, פֿלעגט מען אויפ׳ן פֿענסטער אַרויסשטעלען דעם
אָבגערעדטען „צייכען״, אַז מען קען אַריין.

אויף וואָס׳ער אופֿן פֿלעגט מען פֿערברייטען די צייטונג צווישען פּוב-
ליקום? זעהר איינפֿאַך. באַלד ווי עס פֿלעגט אָבגעדרוקט ווערען אַ
נומער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, פֿלעגט איינער פֿון די חברים אַרומפֿאָהרען,
פֿערשטעהט זיך, אין צווייטען קלאַס, מיט אַ שעהנעם טשעמאָדאַן, אָנ-
געפּאַקט מיט דער צייטונג, איבער אַלע וויכטיגע שטעדט, און פֿלעגט

פֿאַנאַנדערגעבען געוויסע חברים פֿון יעדער שטאָדט אַ געהעריגע צאָהל עקזעמפּלאַרען, וועלכע עס פֿלעגען דאַן ווייטער פֿאַנאַנדערגעטיילט ווערען. די פּראָקלאַמאַציעס פֿלעגט מען מאַסענווייז אַריינוואַרפֿען אין די בריעף-קאַסטענס פֿון די הייזער. העסע העלפֿמאַן איז געווען אַזאַ מין בריעף-טרעגערין. איהרע גרויסע קעשענעס זיינען שטענדיג געווען געפּאַקט מיט פּראָקלאַמאַציעס, צייטונגען, בילעטען אויף קאָנצערטען און באַלען לטובות פֿון די אַרעסטירטע אָדער די געהיימע דרוקערייען.

די דרוקערייען פֿלעגט מען נאָך זייער אַריינפֿאַלען אין די הענד פֿון דער פּאָליציי געוועהנליך פֿון דאָס ניי אויפֿריכטען. אין יוני 1882 האָט מען, צום ביישפּיעל, ענטדעקט אַ געהיימע דרוקעריי אין וויטעבסק, נאָך איידער מען האָט איהר אין גאַנצען צוזאַמענגעשטעלט, און אין דעם קומענדען ווינטער האָט מען שוין ענטדעקט אַ׳ן אַנדער דרוקעריי אין אָדעס. אַ חוץ דיזע ווערקשטאַטען, וואו מען פֿלעגט שמיערען „גייסטיגע געוועהר", האָבען עקזיסטירט אין דעם פּעריאָד פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע עכטע ארסענאַלען פֿון געוועהר און אין דער צייט פֿון טעראָר דערצו אייך לאַגערען פֿון עקספּלאָזיווע מאַטעריאַלען און כעמישע לאַבאָראַטאָריען, וועלכע האָבען געמוזט זיין אויסגעצייכענט גוט איינגעאָרדענט, לויט ווי קיבאַלטשיטש האָט אָנגעוויזען בעת׳ן משפּט און לויט נאָך די רעזולטאַטען פֿון זיינע אַרבייטען. אין פּעטערבורג, אין אָדעס און אין אַנדערע ערטער האָבען עקזיסטירט לאַבאָראַטאָריען און נאָך ניט לאַנג (אין יוני 1882) האָט מען איינע פֿון זיי ענטדעקט אין דער דירה פֿון דעם וועטערינאַר פּריביליאָוו אויף׳ן וואַסיליעווסקען אָסטראָוו אין פּעטערבורג. אַ מיטגליעד פֿון עקזעקוטיוו קאָמיטעט, גראַטשעווסקי, האָט איהם געגעבען געלד, כדי צו פֿערשאַפֿען איהם די מעגליכקייט גיכער צו חתונה האָבען מיט זיין כלה און דערנאָך מאַכען ביי זיך אין דירה אַ „טעכנישע שוהלע" אויף צו לערנען זיך פֿאַבריצירען באָמבען, ווי גראַטשעווסקי האָט עס געזאָגט אויף׳ן משפּט כדי צו פֿערקלענערען די שולד פֿון די אָנגעקלאָגטע.* פֿאַר דעם מאָסקווער אַטענטאַט האָט זיך דער אויבענדערמאָהנטער אהרן זונדעלעוויטש געפּרואווט קויפֿען דינאַמיט אין איטאַליען און פֿון דאָרט אַריבערפֿיהרען אַלס קאָנטראַבאַנדע איבער שווייץ אין דייטשלאַנד אין רוסלאַנד. אָבער דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבען און די רעוואָלוציאָנערען האָבען געמוזט נעהמען זיך אַליין פֿאַבריצירען דינאַמיט. דאָס איז געווען זעהר אַ געפֿעהרליכער און שווערער עסק, אַזוי ווי די מאַטעריאַלען, וועלכע מען דאַרף דערצו, האָבען אַ שאַרפֿען ריח, האָט מען געמוזט האָבען אַ גרויסע דירה, פֿון דריי-פֿיער צימער מיט אַ וואַסערלייטונג און דערצו נאָך אין אַ אויבערשטען שטאָק. נאָר אפילו ביי דיזע בעדינגונגען האָבען אויך די אַרבייטען פֿון די רעוואָלוציאָנערע בעמיקער אָפֿט אַרויסגערופֿען אַ חשד ביי די שכנים פֿון הויז. קיבאַלטשיטש, למשל, האָט אַ מאָל פֿערגאָסען אויף׳ן בריק אַזוי פֿיעל סאַלפּעטערזויערע, אַז אין דעם אונטערשטען עטאַזש איז אָבגעקראָכען די גאָלד-פֿאַרב פֿון די ווענד און דער בעל-הבית פֿון שטוב איז צו איהם אַריינגעלאָפֿען אויסער זיך פֿון שרעק; פֿונדעסטוועגען האָט איהם קיבאַלטשיטש ניט אַריינגעלאָזען אין לאַבאָראַטאָריום-צימער און האָט איהם ערקלערט, אַז ער וועט אינגאַנצען אומקעהרען דעם היזק. נאָך אַ מאָל איז ביי קיבאַלטשיטש׳ען אין מיטען נאַכט פֿאָרגעקומען אַ קליינע עקספּלאָזיאָן

---

* אין פֿריהלינג 1883 האָט מען ווידער ענטדעקט אַ באָמבען-פֿאַבריק און אַ לאַגער פֿון דינאַמיט.

אוּן נאָר מיט גרויס מאַטערנעס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו בערו-
היגען די בעל-הבית׳טע. נאָך געפֿעהרליכער איז געווען די עקספּלאָזיאָן
ביי איהם אָדער ביי אַ צווייטען בעמיקער, ביי שיראַיעווען, בעת אויף׳ן
פֿאָדלאָגע זיינען געשטאַנען אַ סך פֿלאַשען מיט ניטראָגליצערין און
פלוצלונג האָט איין פֿלאַש פֿון זיך אַליין געפלאַצט. פֿון די בעמיקער
צווישען די טעראָריסטען זיינען בעקאַנט: קיבאַלטשיטש, א מענש מיט אַ
גרויסען ערפינדונגס טאַלאַנט, וועלכער איז אַ־יין געפֿאַלען, ווי מען
זאָגט, אויף׳ן רעיון פֿון די טויט-געפֿעהרליכע באָמבען, איסאַיעוו, אַ
געשיקטער פראַקטישער אַרבייטער, שיראַיעוו און גראַטשעווסקי, וועל-
כער עס האָט, ווי עס ווייזט אויס, נאָך דער הריגה פֿון קיסר אין נאָך
דעם אַרעסט פֿון זיינע חברים, צוגעגרייט נייע ווייטערע אַטענטאַטען
נאָך ביז׳ן יוני 1882. שוין פֿריהער האָבען אַ סך דינאַמיט פֿערשאַפֿט
די אָפּיצירען פֿון פֿלאָט, צום ערשטען מאָל אין 1878-טען יאָהר ביי
דעם ניט אָבגעגאָלטענעם אַטענטאַט אין ניקאָלאַיעוו. ענדליך דער-
מאָנט זשעליאַבאָוו אין איינעם פֿון זיינע בריעף וועגען אַ רעוואָלוציאָ-
נערען אַרכיוו, וועלכען ער האָט איבערגעגעבען אויף צו בעהאַלטען
דעם פראָפֿעסאָר דראַגאָמאַנאָוו.

נאָך וויכטיגער ווי די קאָנספּיראַטיווע אַרבייטען איז פֿאַר די רעוואָ-
לוציאָנערען געוואָרען, בעזאָנדערס אין דעם משך פֿון די לעצטע פֿינף
יאָהר, דאָס שטענדיגע זאָרגען פֿאַר זייער זיכערהייט. ביי דער סאָציאַ-
ליסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָבען זיך די רעוואָלוציאָנערען געפֿונען לפי
ערך אין אַ קלענערער סכנה, פֿלעגען זיך אָפּט זעהר וועניג אָבהיטען און
די פּראָפּאַגאַנדע איז טאַקי אונטערגעגאַנגען דאָס רוב איבער דער אונ-
פֿאָרזיכטיגקייט פֿון די טיילנעהמער. נאָר וואָס מעהר מען האָט זיך גע-
נומען פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע און פֿאַר׳ן טעראָר און וואָס
שאַרפֿער עס זיינען געוואָרען די רדיפות פֿון דער רעגירונג, אַלץ מעהר
האָבען די רעוואָלוציאָנערען געמוזט, פֿון פֿאָרזיכטיגקייט וועגען, אָבהיטען
אַ מאַסע תקנות, פֿון וועלכע עס איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסען אַ
גאַנצע סיסטעם פֿון קאָנספּיראַציע. די נויטיגסטע זאַך איז געווען צו
פֿערשאַפֿען זיך אַ פּאַספּאָרט. יונגע לייט, ווי, צ. ב., אַלעקסאַנדר מיכאַי-
לאָוו אין 1876-טען יאָהר, פֿלעגען זיך פֿערשרייבען אין אוניווערזיטעט,
ניט כדי צו הערען פֿאָרלעזונגען, ווייל דער לימוד האָט זיי דאַמאָלסט אי-
בערהויפּט וועניג אינטערעסירט; מיכאַילאָוו האָט זיך געמעלדעט צו גלייַ-
בער צייט אין צוויי העכערע שוהלען צום עקזאַמען, כדי זיכערער צו זיין,
אַז ער וועט כאָטש פֿון איינער ערהאַלטען אַ סטודענטען קאַרטע. ביי
אַזעלכע בעדינגונגען קען מען כאָטש וויפֿיעל ניט איז בעגרייפֿען, פֿאַר
וואָס די רעגירונג האָט פֿון די סטודענטען געפֿאָדערט, אַז זיי זאָלען בע-
זוכען די פֿאָרלעזונגען, און פֿון קאָנטראָל וועגען זאָל יעדערער בייַם אַריינ-
גאַנג אין אַאודיטאָריום בעווייזען זיין סטודענטען קאַרטע. דערמיט האָט
מען געוואָלט בעוואָרענען זיך, אַז דיזע קאַרטע זאָל ניט דיענען די רע-
וואָלוציאָנערען פֿאַר אַ דעקטוך. דיזע פֿאָדערונג איז, פֿערשטעהט זיך,
אונערטרעגליך געווען פֿאַר די סטודענטען און עס איז אַ גרויסער ספק
צו האָט זי געבראַכט דער רעגירונג אַ וועלכע ניט איז פעולה.

פֿאַר די, וועלכע ס׳האָבען קיין סטודענטען קאַרטע ניט געהאַט,
איז אין אָנפֿאַנג פֿון דער בעוועגונג זעהר שווער געווען צו פֿערשאַפֿען
זיך פּאַספּאָרטען. אַ פּאַספּאָרט האָט מען געמוזט קויפֿען און אָפּט זעהר
טייער בעצאָהלען פֿאַר איהם. נאָר באַלד האָט מען זיך געכאַפּט, אַז
עס איז אַ סך איינפֿאַכער זיי אַליין צו פֿאַבריצירען. די טעכניק פֿון די-
זער פֿאַבריקאַציע האָט זיך זעהר הויך ענטוויקעלט. יעדער רעוואָלוציאָ-
נערער פֿעראיין האָט געהאַט אַ׳ן אייגענע פּאַספּאָרטען-ביוראָ, וואו מען

האָט איסגעשניטען די זיגעל'ן פֿון פערשיעדענע רעגיר נגס אַנשטאַלטען אין געשטעמפעלט די נאַכגעמאַכטע פּאַספּאָרטען. * קיין רוסישער רעוואָלוציאָנער וואָהנט ניט אונטער זיין אייגענעם נאָמען אין מיט אַ לעגאַלען פּאַספּאָרט, ווייל דאַן וואָלט מען איהם צו גיך ענטדעקט און אַרעסטירט. דאָס רוב נעהמען זיי אַ פֿאַלשען פּאַס און ווערען „אונלעגאַלע"; אפילו אויף'ן משפט האָט מען ניט געקענט דערגעהן די אמת'ע נעמען פֿון אייניגע פּערזאָנען. אייניגע רעוואָלוציאָנערען, ווי למשל כאַלטורינען, האָט מען דערקענט נאָך זייער פֿאָטאָגראַפישער קאַרטע ערשט נאָך דעם, ווי מען האָט זיי אויפֿגעהאַנגען, און אין קיעוו האָט מען אפילו אויפֿגעהאַנגען איינעם אַ „אונבעקאַנטען", וועלכער עס האָט זיך אָנגערופֿען מיט אַ פֿאַלשען נאָמען „אַנטאָנאָוו". די רעוואָלוציאָנערען קענען, פֿערשטעהט זיך, ניט בעקומען קיין בריעף אויף זייער אייגענעם נאָמען. בעת דער פֿערשווערונג פֿון אישוטין זיינען אַלע בריעף געווען אַדרעסירט אויף'ן נאָמען פֿון אַ יונגען גימנאַזיסט פֿירסט ט., וואָס האָט געוואָהנט ביי זיינער אַ מומען פֿירסטין טר.. אין דעם היוז פֿון דעם סענאַטאָר נ.; נעטשאַיעווס קאָרעספּאָנדענץ פֿלעגט געהן דורך די הענד פֿון דער 16-יאָהריגער וויערא זאַסוליטש. נאָך אויך איצטער שטיצען אַ סך עלטערע פּערזאָנען די רעוואָלוציאָנערען דורך דעם, וואָס זיי בעזאָרגען זייער קאָרעספּאָנדענץ. אָפֿט בעקומען זיך די בריעף אויף אַ'ן איסגעטראַכטען נאָמען, שרייבען, שרייבט זיך מען מיט כעמישע טינט אָדער מיט אַ שיפֿר; אין טעלעגראַמען בענוצט מען זיך מיט פֿריהער אָבגערעדטע ווערטער, ווי למשל, שיקט מיר אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל פֿלאַשען וויין, ד. ה., פֿונטען דינאַמיט (גאָלדענבערג צו קיבאַלטשיטש'ען).

וויטער מוז דער „אונלעגאַלער" אַזוי לעבען, אַז ביי די שכונים, צווישען וועלכע ער וואָהנט זאָל קיין שום חשד אויף איהם ניט פֿאַלען. צוערשט איז די השגחה פֿון דער פּאָליציי געווען אַ שוואַכע; נאָך אין 1875 און 1876 פֿלעגט זיך אָפֿט טרעפֿען, אַז אין די גרויסע סטודענטישע וואָהנונגען (קאָמונען) פֿין דריי חדרים פֿלעגט די גאַנצע פּאָדלאָגע אויסגעבעט זיין מיט מענשען, וואָס פֿלעגען בלייבען נעכטיגען נאָך די הייסע וכוחים וועגען דער פּראָגראַם. אפילו די הויזוועכטער פֿלעגען נשתומם ווערען, דערזעהענדיג אַזאַ מין בילד. די איזוואָזשציקעס פֿלעגען אויך וויסען, אַז ביי די סטודענטען איז אַ'ן אָוועגד, און אויף'ן גאַס פֿלעגען שטעהען, ווי עס איז די מאָדע אין רוסלאַנד, גאַנצע צייליען פֿין דראָזשקעס, וואַרטענדיג טאָמער וועט זיך איינגעבען אַיועקפֿיהרען אַהיים די פֿערמאַטערטע געסט. איבער די גאַסען פֿלעגען די סאָציאַליסטען אַרומגעהן מחנה'סווייז. נאָר דיזע גאָלדענע צייט איז פֿאַר די רעוואָלוציאָנערען גיך אַריבער. באַלד האָט די רעגירונג איינגעפֿיהרט אַ בעזונדערע פּאָליציי אפילו אין די דערפֿער (די אורויאַדניקעס). און אין די שטעדט האָבען די הויזוועכטער אָנגעהויבען צו געוועלטיגען איבער דער בעפֿעלקערונג. צוליעב דעם האָבען די רעוואָלוציאָנערען אָנגעהויבען צו פֿיהרען זיך אַזוי, אַז זיי געהען אַוועק פֿון דער היים און קומען צוריק אַלע טאָג אין אַ בעשטימטער צייט, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען ערגעץ וואו געדיענט. אויך קומען צו זיי ניט אַ סך מענשען מיט אַ מאָל; געסט געהען אַריין און אַרויס איינציגווייז אָדער העכסטענס פּאָרוויז; גרעסערע פֿערזאַמלונגען קומען פֿאָר אויף די „קאָנספּיראַטיווע" קוואַרטירען. אין פעטערבורג האָט מען, למשל, פֿאַר דער הריגה פֿון צאַר אָפֿט

* אַזאַ פּאַספּאָרטען-ביוראָ, אַ פֿאָלקאָמען איינגעאָרדנעטע, האָט די פּאָליציי ענטדעקט אין מאָסקווע אין 1882 טען יאָהר ביי קאָליוזשני.

בעזוכט צוויי קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען, אין וועלכע ס'האָבען געוואָהנט
די כעמיקער קיבאַלטשיטש און איסייעוו מיט געגאָסינען, וועלכע זיינען
געווען פערשריבען אַלס זייערע פרויען. אין דער דריטער קוואַרטיר, וואו
עס האָבען געוואָהנט העסע העלפמאַן און סאַבלין, האָט זשעליאַבאָוו
אויסגעקליבען די באָמבענוואַרפער. פאַר דעם אַטענטאַט איז העלפמאַן
פון פאָרזיכטיגקייט וועגען אַריבער אויף אַ'ן אַנדער דירה, אין וועלכער
די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך צונויפגעקליבען נאָך דער הריגה פון צאַר.
די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר מוז זיך געפינען אין אַ ריכטען אָרט. אין
די פענסטער מוז מען קענען אַרויסשטעלען אַ „צייכען" און לייכט אומבייטען
איהם, אַז ניט קען זיך טרעפען אַ גרויסער אונגליק; ווען, צ. ב., אויף
דער קוואַרטיר פון מאַלינאָווסקי אין 1878 איז געבליבען שטעהן אין פענ-
סטער דער „צייכען", זיינען עטליכע מענשען אַריינגעגאַנגען און גלייך
אַריינגעפאַלען אין די הענד פון דער פּאָליציי. אויף דעם זעלבען אופן
האָט זיך אויך דער פּאָליציי אין מאָסקווע, אין פעברואַר 1882, איינגע-
געבען אַריינכאַפּען אין נעטין אויף דער קוואַרטיר פון אַ'ן אַרעסטירטען
חבר יאַקאָב סטעפּאַנאָוויטש'ן, וועלכען מען האָט דאַן זעהר אַ סך געזוכט.
די ווענד פון צימער טאָרען ניט זיין צו דין, די טיר מוז זיך גוט צומאַ-
כען, כדי מען זאָל פון דרויסען ניט קענען הערען, וואָס מען רעדט אין
צימער. אויך מוז זיך פאַר דער טיר פון קוואַרטיר געפינען אַזאַ פאָר-
הויז, פון וועלכען מען זאָל קענען האָבען אין האַנד די גאַנצע טרעפּ,
און עטליכע ענטשיעדענע און בעוואַפענטע מענשען זאָלען קענען אַ צייט
פערטיידיגען זיך פון די אָנגעפאַלענע זשאַנדאַרמען און ניט דערלאָזען זיי
אין צימער, ביז מען וועט מבער זיין אַלע פּאַפּירען און אַנדערע טרפה'ע
זאַכען. אויף די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען פלעגט זיך דאָס רוב געפי-
נען אַ גאַנצער לאַגער פון געוועהר. ביי דער אַטאַקע אויף דער דרו-
קעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (17-טען יאַנואַר 1880) איז יעדער
פון די פינף פערזאָנען, וואָס האָבען אָבגעשלאָגען די זשאַנדאַרמען, גע-
ווען בעוואַפענט מיט צוויי רעוואָלווערען. אַ גאַנצער טוץ זשאַנדאַרמען
האָבען פאַר שרעק געמוזט אָבטרעטען צוריק און שיקען נאָך סאָלדאַטען.
אין גאַנצען האָט מען פון 80 ביז 100 מאָל געשאָסען.

איבערהויפּט מוז מען, זייענדיג אַ'ן „אונלעגאַלער", אָבהיטען פון
פאָרזיכטיגקייט וועגען אַ גאַנצע מאַסע קלייניגקייטען. דעם גרעסטען טייל
פון די רעוואָלוציאָנערען פלעגט עס, פערשטעהט זיך, גיך דערעסען;
נאָר אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, וועלכער ס'האָט נאָך פון 1877-טען יאָהר
ענערגיש געקעמפט געגען דער אונפאָרזיכטיגקייט און וועלכען מען האָט
דערפאַר געגעבען אַ צונעמעניס „דוואָרניק", האָט אַזאַ אָבגעלאָזענקייט
געהאַלטען פאַר אונעהרליך און פלעגט זאָגען, אַז זי געהמט זיך דערפון,
וואָס מען איז ניט גענוג טריי איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער אַר-
בייט. ער פלעגט אַ'ן אַנדערס מאָל נאָכגעהן אויף'ן גאַס נאָך זיינע
חברים און אַכטונג געבען צו היטען זיי זיך ווי דער סדר איז, אָדער ער
פלעגט אַמאָל פּלוצלונג איינעם אָבשטעלען און הייסען איהם איבערליי-
ענען פון דער ווייטען אַ וועלכע ניט איז אויפשריפט אויף אַ הויז אָדער
אַ קראָם. האָט זיך נאָר אַרויסגעוויזען, אַז דער חבר איז אַ קורצזיכטי-
גער, פלעגט ער שוין איהם ניט לאָזען רוהען, ביז ער האָט זיך ניט גע-
קויפט קיין ברילען; אויך פלעגט ער צושטעהן, אַז מען זאָל זיך אָנטהאָן
ווי דער סדר איז, אין פיינערע בגדים. דער הלוך פון די ניהיליסטען
אין די 60-70-גער יאָהרען איז אונז גענוג בעקאַנט נאָך די בילדער פון
יענער צייט. פון די לאַנגע שטיפעל, דעם פלעדי און די בלאָהע ברילען
האָט מען ביי אונז ניט ווייניג אָבגעלאַכט. נאָר אַזאַ קאָסטיום, וועלכער
עס גיט גלייך אַרויס, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש זיין בעל הבית איז, האָט

האָט מען געקענט טראָגען נאָר אין די קינדערשע יאָהרען פֿון דער פּאָ-
ליטישער בעוועגונג, ווען מען האָט נאָך גאָר ווייניג „געזינדיגט" געגען
דער רעגירונג און מען איז געווען ריין פֿון אַ פּאָליטישען „חטא". ווי
באַלד אָבער עס האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן די אונגעהייערע און וויל-
קירליכע אַרעסטען, וואָלט אַזאַ לעבערליכער קאָסטיום נאָר אַרויסגערופֿען
אַ חשד ביי די זשאַנדאַרמען און די שפּיאָנען. עס האָט שוין בעסער
געלוינט אויסצוגעבען מיט עטליכע רובל מעהר, איידער שטעלען זיך אין
אַ'ן אומזיסטע סכנה. אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו איז אין דעם בונד „זעמ-
ליאַ אי וואָליאַ" געשטאַנען שטאָל און אייזען פֿאַר שעהנערע בגדים. ווען
איינער פֿון די חבֿרים פֿלעגט זיך פֿערענטפֿערען, אַז ער געהט אָבגעריי-
סען איבער דעם, וואָס ער האָט קיין געלד ניט, פֿלעגט מיכאַילאָוו בריינ-
גען איהם אויף מאָרגען געלד און פֿלעגט איהם אָנווייזען אויף אַ וואָל-
וועלען שניידער. זייט דער טעראָר האָט זיך ענטוויקעלט, האָבען די
רעוואָלוציאָנערען אַ'ן אַנדערס מאָל אפילו געלעבט אין לוקסוס. דער,
וואָס האָט גע'הרג'ט מעזענצעוו'ען, האָט געוואָהנט אויף אַ פּאַס פֿון אַ
פֿירסט, האָט זיך אַרויסגעגעבען פֿאַר אַ בעאַמטען פֿון מיניסטעריאום און
האָט ניט געזשאַלעוועט קיין טרינק-געלד דעם שווייצער, וועלכער עס
פֿלעגט לויפֿען העלפֿען „דעם פּריץ" אַרויסגעהן פֿון קאַרעט. אפילו סאָ-
לאָוויאָוו, וועלכער ס'פֿלעגט זיך געוועהנליך אָנטהאָן, ווי מען דערצעהלט,
זעהר אָרעם און שמוציג, האָט זיך אויך פֿאַר'ן אַטענטאַט פֿערשאַפֿט אַ
שוואַרצען קאָסטיום. דאָך האָט מיכאַילאָוו געקענט זאָרגען, ווי עס ווייזט
אויס, נאָר פֿאַר אַ קליינעם טייל פֿון די רעוואָלוציאָנערען. ווי אַנדערע
בעשרייבען, זיינען די רעוואָלוציאָנערען געווען זעהר שלעכט אָדער אַבי
ווי אָנגעטהאָן, און דאָס איז גאָר קיין חידוש ניט, מחמת פֿיעלע פֿון זיי
האָבען ניט געהאַט קיין שטענדיגע דירה, און זייערע פֿרויען פֿלעגען מעהר
צייט אָבגעבען אויף געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגען, איידער אויף פֿערריכטען
קליידער. אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו איז געווען אַ פֿייערדיגער בריה אין זיין
פֿאַך, ביי יעדער געלעגענהייט פֿלעגט ער זיך סטאַרען צוגעהן נאָהענט
צו אַ שפּיאָן, כּדי צו געדענקען דערנאָך זיין פּנים, און צו קענען זיך
אַרויסדרעהען פֿון איהם, ווען דאָס וועט נויטיג זיין. מיט איין קוק פֿלעגט
ער זיי דערנאָך דערקענען צווישען אַ'ן עולם מענשען. ער האָט געהאַט
אַ רשימה פֿון 300 הויפֿען און הייזער, דורך וועלכע מען קען דורכגעהן
אויף אַ'ן אַנדער גאַס, און צוליעב דיזער געניטקייט איז איהם אָפֿט גע-
לונגען צו ראַטעווען זיך און זיינע חבֿרים, כּדי נעלם צו ווערען פֿון אַ
שפּיאָן. פֿלעגען די רעוואָלוציאָנערען אָפֿט בייטען דריי ביז פֿיער דראָזש-
קעס און אַרומפֿאָהרען פּעטערבורג אין דער לענג און אין דער ברייט.
אויך פֿלעגען זיי אָפֿט בייטען זייערע וואָהנונגען און עס פֿלעגט טרעפֿען,
אַז ווען איינער האָט געדאַרפֿט דערגעהן דעם אַדרעס פֿון זיינעם אַ פֿריינד
אין פּעטערבורג, האָט ער צוליעב דעם געמוזט פֿאָהרען אין קיעוו. וויכ-
טיגער איידער אַלץ איז געווען צו בעהאַלטען יענע געפֿעהרליכע טעראָ-
ריסטען, וועלכע די פּאָליציי האָט שטאַרק געזוכט. דאַן אָבער האָבען זיך
געפֿינען אַ סך מענשען צווישען דער אַריסטאָקראַטיע, צווישען מיטעלען
קלאַס און בעאַמטע, וועלכע עס פֿלעגען בעהאַלטען ביי זיך די רעוואָ-
לוציאָנערען. און דאָ האָט זיך ווייטער אויסגעצייכענט אַלעקסאַנדער מי-
כאַילאָוו, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בריה אויף צו געפֿינען אַ אָרט
צום נעכטיגען. מיט זיין געניטקייט האָט ער אַ סך רעוואָלוציאָנערען אויס-
געהאָלפֿען, צ. ב., אויך דעם מערדער פֿון מעזענצעוו. קודם כּל האָט
ער איהם אַוועקגעפֿיהרט צו איינעם אַ בעאַמטען פֿון מיניסטעריאום, טשער-
נישעווסקי'ס אַ'ן איבערגעגעבענער תּלמיד, אַ מענש, וואָס האָט טעאָ-
רעטיש מסכּים געווען מיט די אַנזיכטען פֿון די רעוואָלוציאָנערען, און

האָט זיך גערעכענט פֿאַר איינעם פֿון די זיכערסטע פֿערבאָרגער. אָבער ער איז געווען אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ביי נאַכט איז ער אַ סך מאָל אַראָבגעשפּרונגען פֿון בעט, ווייל איהם פֿלעגט זיך דוכטען, דאָס עס גערען זשאַנדאַרמען. דער צווייטער פֿערבאָרגער האָט אין 1861-טען יאָהר גענומען אַ'ן אַנטייל אין דער פֿערשווערונג אין קאַזאַן; די פּאָליציי האָט איהם אַ מאָל 10 אַרעסטירט, נאָר זי האָט איהם קיין שום חטא ניט געקענט אויפֿווייזען; אין דער נייער בעוועגונג האָט ער ווייניג געגלויבט, נאָר פֿונדעסטוועגען האָט ער איהר סימפּאַטיזירט און פֿלעגט זעהר געשיקט אונטערשטיצען די רעוואָלוציאָנערען, איינאָרדנענדיג זייער קאָרעספּאָנדענץ, פֿערבערייטענדיג ביכער, זשורנאַלען, קלייבענדיג געלד פֿאַר דער בעוועגונג א. ז. וו. וואָס איז שייך צו בעהאַלטען אַ מענשען, האָט זיך מיט איהם קיינער ניט געקענט פֿערגלייכען און גראַדע אין דעם טאָג, ווען מען האָט צו איהם געבראַכט מעזענצעוו'ס מערדער, האָט ער געמאַכט אַ יום-טוב לכבוד דעם 10-יאָהריגען יובילעאום פֿון זיין אַרבייט אין דיזען פֿאַך. פֿריהער האָט ער בעהאַלטען וו. זאַסוליטש און דערנאָך סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ. אין איינינע טעג אַרום איז ער אָבער געקומען אַהיים מיט אַ פֿערזאָרגטען געזיכט און האָט ערקלערט: ער פֿיהלט, אַז ס'וועט זיין ביי איהם אַ הויזזוכונג; און טאַקי אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך די פּאָליציי בעוויזען, און האָט איהם אָבגעגעבען „אַ וויזיט". דער דריטער ערי-מקלט פֿון מעזענצעוו'ס מערדער איז געווען ביי אַ 70-יאָהריגער זקנה פֿון דענעמאַרק, זי האָט אָבגעלעבט איהר לאַנגען לעבען גאַנץ רוהיג; דאָ איז אָבער מיט אַ מאָל געוואָרען די פּרינצעסין דאַגמאַר פֿון דענעמאַרק אַ פֿרוי פֿון דעם רוסישען יורש-עצר (נאַסלעדניק) און איהר איז איינגעפֿאַלען אין קאָפּ צו מאַכען איהר מאַן פֿאַר אַ מקורב למלכות, פֿאַר אַ הויףבעאַמטען. זי האָט זיך געווענדעט צום קאָנסול פֿון דענעמאַרק, ער זאָל זיין אַ מליץ-יושר פֿאַר איהר מאַן; דער קאָנסול האָט, פֿערשטעהט זיך, אָבגעזאָגט און דאַן איז זי, כדי צו נעהמען נקמה, געוואָרען אַ ניהיליסטין. איהר רעוואָלוציאָנערע קאַריערע האָט זי אָנגעהויבען דערמיט, וואָס זי פֿלעגט בעהאַלטען ביכער פֿון בעקאַנטע סטודענטען, בעזאָרגען זייער קאָרעספּאָנדענץ און לסוף פֿלעגט זי פֿערבאָרגען ביי זיך פּערזאָנע. זי האָט געהאָפֿט, אַז די טעראָריסטען הויבען עס נאָר אָן מיט טרעפּאָוו'ן און מעזענצעוו'ן, לסוף וועלען זיי זיך אָבער אויך נעהמען פֿאַר'ן דאַנישען קאָנסול: דיזען קאָנסול האָט זי געהאַלטען פֿאַר דעם שעדליכסטען מענשען פֿון אַלע בעאַמטע. איהר אַלטער מאַן, וועלכען זי האָט געהאַלטען אין דער מורא, האָט איהר געמוזט ברענגען פֿון דער פּאָליציי אַלע נייסטע ידיעות. אין דעם „אונטעראירדישען רוסלאַנד" דערצעהלט דער מחבר, ווי איינע אַ'ן אַלטע פֿירסטין האָט נאָך דעם 1-טען מערץ בעהאַלטען ביי זיך אויף עטליכע טעג אַ פֿריינדין פֿון סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ, וועלכע ס'האָט איהר וועגען דעם געבעטען. אַנדערע האָבען נאָך דעם 1-טען מערץ אָנגעהויבען שטאַרק מורא צו האָבען, און פֿלעגען זיך אָבזאָגען צו בעהאַלטען ביי זיך אפילו זייערע בעסטע בעקאַנטע.

אָבער ניט קוקענדיג אויף די פֿאָרזיכטיגקייט פֿון די רעוואָלוציאָנערען האָט זיך דאָך נאָר אַ קליינעם טייל פֿון זיי איינגעגעבען אויסדרעהען זיך אַ לאַנגע צייט פֿון אַרעסט. מיר איז איצט געבליבען צו שילדערען, ווי מען האָט זיך בעגאַנגען מיט די, וואָס זיינען געזעסען פֿאַר'ן משפּט, מיט די פֿער'משפּט'ע און מיט די אַדמיניסטראַטיוו פֿערשיקטע. דער היסטאָריקער האָט אָבער, ליידער, וועגען דעם נאָר זעהר אַ קנאַפּען אונפֿאַרטייאישען מאַטעריאַל. נאָר איינמאָל, אין דער צייט פֿון גראַף לאָריס-מעליקאָוו, ווען די פֿערקנעכטעטע רוסישע געזעלשאַפֿט האָט אָנגעהויבען פֿרייער צו אָטהעמען, האָבען די צייטונגען געמעגט שרייבען וועגען די

פֿערשפֿאַרטע אין געפֿענגניס און די פֿערשיקטע אין סיביר, און דערביי פֿלעגט די רעגירונגס ציימונג אַ'ן אַנדערס מאָל טהאָן אַזאַ חסד, אַז זי פֿלעגט ענטפֿערען אויף דיזע בעשרייבונגען; די רוסישע צייטונגען האָבען בעצם בעשטעטיגט אַלץ, וואָס די „אונטעראירדישע" ליטעראַטור האָט פֿריהער געשריבען. עס נעהמט אָן אַ שוידער, לייענענדיג דיזע בעשרייבונגען. די גאַנצע ווילדקייט און פֿערדאָרבענהייט פֿון די איינריכטונגען אין דער רוסישער מלוכה, די אכזריות און דער אונענדליכער וויקליר פֿון די בעאַמטע בעוויזען זיך דאָ אין זייער שרעקליכסטען געשטאַלט און זיי פֿערדיענען דעם שאַרפֿסטען אורטייל, אפילו ווען מען זאָל מודה זיין, אַז די יונגע פֿאַנאַטיקער זיינען ניט געווען אַזעלכע אַרעסטירטע, מיט וועלכע עס זאָל זעהר גרינג זיין אויסצוקומען. מיר ווע'ען אָנהויבען מיט די, וואָס זיינען געזעסען פֿאַר'ן משפט. צו קען זיך גאָר טרעפֿען אין אַ וועלכען ניט איז מערב-אייראָפּעאישען לאַנד, אַז מען זאָל פֿערשפּאַרען אויף דריי יאָהר ביז'ן משפט, ווי דאָס האָט מען געטהאָן מיט קיבאַלטשיטשען און זיינע חברים, אין אַזאַ פֿאַל, ווען דער גאַנצער חטא בעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס מען האָט איבערגעגעבען אַ סאָציאַליסטישע בלעטעל איינעם אַ בויער און בעהאַלטען ביי זיך אַ פעקעל פֿערבאָטענע בראָשיורען? אין אַ וועלכען לאַנד קען עס פֿאָרקומען, ווי דאָס פּאַסירט אַזוי אָפֿט אין רוסלאַנד, אַז אַרעסטירטע פֿרויען זאָל מען אונטערזוכען און אויסטהאָן נאַקעט פֿאַר די זשאַנדאַרמען אין די אויגען, אָדער נאָך ערגער, מען זאָל דאָס לאָזען טהאָן די זשאַנדאַרמען אַליין, און דערביי אויסהערען זייערע גראָבע וויטצען? וואו וואָלט עס מעגליך געווען, אַז אַ'ן אַרעסטירטע זאָל זיך אַרויסגעבען פֿאַר אַ מיטגליעד פֿון עקזעקוטיוו קאָמיטעט, ווי דאָס האָט געטהאָן איוואַנאָוסקאַיאַ, וועלכע מען האָט אַרעסטירט אין1882-טען יאָהר אין דער וויטעבסקער געהיימער דרוקעריי, נאָר צוליעב דער איינציגער האָפֿנונג, אַז מען וועט איהר איבערפֿיהרען אין פעטערבורג און מען וועט זיך מיט איהר בעסער בעגעהן, ווען מען וועט איהר האַלטען פֿאַר אַ וויכטיגע פֿערברעכערין?! וואו איז געהערט געוואָרען, אַז נערוועזע אַרעסטירטע, ווי למשל איסייעוו איז געווען, זאָל מען כסדר שטערען אין זייער שלאָף, נאָר כדי צו ברייגנען זיי אין אַזאַ אויפֿגערעגטען צושטאַנד, ביי וועלכען עס איז לייכטער וואָס ניט איז צו דערגעהן פֿון דעם אַרעסטירטען.

די, וועלכע מען פֿער'משפט אויף קאַטאָרגע, געפֿינען זיך אין אַ זעהר שלעכטער לאַגע, בעזאָנדערס ווען זיי מוזען אָבזיצען זייער צייט אין איינע פֿון די צענטראַל געפֿענגניסען. אַזאַ געפֿענגניס געפֿינט זיך אויך אין נאָוואָבעלגאָראָד, ניט ווייט פֿון כאַרקאָוו, און פֿון דאַנען האָבען זיך די פֿער'משפט'ע פּראָפּאַגאַנדיסטען נאָך אין 1878-טען יאָהר, דאָס הייסט נאָך אַ סך פֿריהער פֿאַר די אַטענטאַטען אויף'ן צאַר, געווענדט צו דער רוסישער געזעלשאַפֿט מיט אַ'ן אויפֿרוף, וועלכער עס וועט בלייבען אַ וויכטיגער דאָקומענט פֿאַר דער געשיכטע פֿון די רוסישע געפֿענגניסען.* איך וועל זיך ערלויבען בריינגען פֿון דיזען פֿלוגבלאַט איינינע בילדער. אָט ליעגט, צ. ב., פלאָטניקאָוו אין זיין האַלב-פֿינסטערען חדר'ל, אין וועלכען אַ האַלבע פֿענסטער איז פֿערשמירט מיט שוואַרצע פֿאַרב, אויף ברעטער, וואָס זיינען נאָר איבערגעצויגען מיט דינעם טוך אָהן אַ קאָלדרע און אָהן אַ קיסען; ער איז שוין זעהר אָבגעשוואַכט געוואָרען פֿון דעם לאַנגיאָהריגען זיצען און פֿון אַלערליי אַנדערע יסורים, וואָס ער האָט אַריבערגעטראָגען. כדי צו ערמונטערען זיך הויבט ער זיך אויף פֿון זיין געלעגער און הויבט אָן צו דעקלאַמירען מיט אַ שוואַכען קול די ווערטער פֿון זיין געליעבטען דיכטער. דאָ עפֿענט זיך מיט אַ מאָל די טיר און

---

* „לעבעדיג בעגראָבענע" אָבגעדרוקט אין אָקטאָבער 1878.

עס לויפט אַריין מיט אימפּעט דער אויפזעהער פון געפענגנים: — „דעקלאַמירען? דאָ מוז זיין רוהיג און שטיל, איך וועל דיך פערשמידען אין קייטען!" אומזיסט טענה'ט דער אַרעסטירטער, אַז ער איז שוין אָבגעוועזען אַ געשמידטער די צייט, וואָס איז בעשטימט געוואָרען דורך'ן געזעץ, און ער איז אויסערדעם קראַנק, ווי דער דאָקטאָר האָט עס בעשטעטיגט; עס העלפט ניט, מען שמידט איהם ווידער אין קייטען (אין פעברואַר 1878-טען יאָהר). נאָך אַ גרעסערען חטא האָט אָבגעטהאָן מיט אַ יאָהר פריהער אַלעקסאַנדראָוו. פון דער ווייטען האָט ער דערהערט אַ ליעד, וואָס פויערים האָבען געזונגען; דעם געפאַנגענעם האָט דאָס ליעד פערנומען פאַר'ן האַרצען און ער האָט אויך אָנגעהויבען צו זינגען אויף'ן קול דעם בעקאַנטען ניגון. אַ צייט נאָך דעם, ווי ער האָט שוין אויפגעהערט צו זינגען, איז צו איהם אַריינגעפאַלען דער אויפזעהער און מיט די ווערטער: —„ווער האָט דיר ערלויבט צו זינגען? איך וועל דיר ווייזען וואָס ליעדער זינגען!", האָט ער איהם דערלאַנגט אַ פּאַטש. בנוגע צו ביכער פאַר די אַרעסטירטע האָט אויך געהערשט דער גלייכער ווילקיר. היינט מעג מען לייענען ספּענסערס ווערק, מאָרגען זיינען זיי פערבאָטען, היינט מעג מען בריינגען פאַר די אַרעסטירטע טעקערעי'ס ווערק, מאָרגען ערקלערט מען: „אַז לייענען ראָמאַנען איז אַ פערגעניגען, דאָס געפענגנים איז אַ'ן אָרט אויף ענוים און ניט אויף נחת קלייבען". אפילו אין די צייטען פון דעם טיראַן ניקאָלאַי דעם I-טען האָבען אויך די דעקאַבריסטען געמעגט לייענען אַלע ביכער און צייטשריפטען, וועלכע די צענזור האָט דורכגעלאָזען. ביי דער הערשונג פון אַלעקסאַנדר דעם I האָט מען די צייטונגען גלייך פערבאָטען און וועלכע ביכער מען קען לייענען — דאָס האָט זיך געווענדט אָן דעם גוטען ווילען פון אויפזעהער. אפילו די לאַגע פון די געוועהנליכע אַרעסטאַנטען, זיי קענען זיין די גרעסטע פערברעכער, איז אַ סך אַ בעסערע: זיי מעגען, לכל הפחות, זיצען אין איין חדר עטליכע מענשען אין איינעם. די שטרענגסטע בעשטראָפונג, וועלכע סעריאַקאָוו האָט, למשל, בעקומען דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געגריסט דעם אויפזעהער, וואָס איז געשטאַנען פון דער ווייטען, — איז געוועזען דער קאַרצער. דאָס איז אַ מין קאַסטען, גאָר אַ פינסטערער און אַזאַ קליינער, אַז אַ מענש קען אין איהם זיצען נאָר אַ צונויפגעבויגענער; דער קאַרצער האָט זיך געפינען הינטער'ן בית הכסא; די עקסקרעמענטען ווערען פון דאָרט זעלטען אַרויסגעטראָגען; די לופט איז דעריבער אַזאַ אונרייניע, אַז אַרויסגעהענדיג פון דאָרטען, פערדרעהט זיך די קאָפּ און מען קען ניט איינשטעהן אויף די פיס.

עס ווערט אויך ניט ליכטיגער אין די אויגען פון דעם בילד פון דעם פעטערבורגער ציטאַדעל, וועלכען עס שילדערט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". די חדרים, אין וועלכע עס זיצען די פער'משפט'ע זיינען דונקעל, קאַלט און נאַס, ווי אַ קבר. דורך די פענסטער, פערשמירטע מיט פאַרב, געהט דורך אַזוי ווייניג ליכט, אַז פאַר'ן גאַנצען טאָג קען מען בלייבען אָהן פייער נור צוויי שעה. די קעסט בעשטעהט פון קרויט-זופּ און גריקענע קאַשע אויף מיטאָג, און פון אַ שטיק ברויט אין דערפריה און פאַרנאַכט. די אויווענס הייצט מען אפילו ביי די גרויסע רוסישע פרעסט נור אַלע דריי טעג, אַ'ן אַנדערס מאָל נאָך זעלטענער; די ווענד זיינען דעריבער נאַס און אויף'ן פאָדלאָגע זיינען פשוט גאַנצע בלאָטעס. די אַרעסטירטע זיצען אָנגעטהאָן נור אין אונטער קליידער און אַרעסטאַנטסקע כאַלאַטען. שפּאַצירען קענען זיי געהן נור איבער אַ טאָג און אויך נור אויף אַ פיערטעל שעה. דאָס איז געוועזען דער איינציגער „לוקסוס" אין געפענגנים. ווען סובקאָווסקי האָט אַ מאָל אויסגעשניטען פון ברויט קוביקעס, כדי צו איבער'חזר'ן די סטעריאָמעטריע, האָט מען ביי

איהם זיי אָבגענומען און ערקלערט, אַז די אַרעסטירטע טאָרען ניט אויס-
טראַכטען אַלערליי המצאות אויף צו פֿערברייגגען די צייט. אויף אַזאַ
אופן האָט מען דאָ געלעבט, ווי אין אַ קבר. און אַזוי ווי ביי אַזאַ לאַ-
גע קען מען לייכט קומען צום געדאַנק אָנטהאָן זיך אַ מיתה, פֿלעגט
מען צו די, וועלכע מען האָט אין דעם חושד געווען, צושטעלען אַ
זשאַנדאַרם אָדער אַ סאָלדאַט, כדי שטענדיג אויף זיי השגחה צו געבען.
דאָס איז שוין געווען אַ סך ביטערער איידער דער טויט. ווען דער
אַרעסטירטער פֿערקוקט זיך אויף וואָס ניט איז אַ לייננערע צייט, דער-
לאַנגט דער זשאַנדאַרם אַ פֿרעג, וואָס האָט ער דאָ ניט געזעהן. דער
זשאַנדאַרם קוקט מיט אָפֿענע אויגען אויף יעדע בעוועגונג פֿון דעם
אַרעסטירטען, ער האָט ביי זיך אַ האַנדטוך און אַ טאַשענטוך, מיט וועלכע
דער אַרעסטירטער קען זיך בענוצען, בעת ער דאַרף. קראַנק ווערען,
אראָב פֿון מוח אדער אָנטהאָן זיך אַ מיתה איז ביי אַזעלכע בעדינגונגען
גאָר א געוועהנליכע זאַך. נאָך דעם „קאַלענדאַר" פֿון „נאראָדנאַיאַ וואָ-
ליאַ" זיינען פֿון 1875 ביז 1882 צווישען די אַרעסטירטע און פֿערשיקטע
געשטאָרבען 76 רעוואָלוציאָנערען, צווישען די עמיגראַנטען — 6.

דער איינציגער און דער לעצטער מיטעל געגען אַזאַ בעהאַנדלונג
זייגען די הונגער-בונטען, וועלכע זיינען אָפֿט פֿאָרגעקומען אין פּעטער-
בורג, כאַרקאָוו און סיביר, נאָך דאָ ניט לאַנג דעם 12-טען דעצעמבער
1882 האָט אויסגעבראָכען אַ הונגער בונט אין אַדעס. די סיבה פֿון
דיזען הונגער שילדערען די אַרעסטירטע אויף אַזאַ אופן: אַ קראַנקער
אַרעסטירטער אַרבייטער האָט פֿערלאַנגט, מען זאָל איהם געבען קראַנ-
קען-שפּייז; דער דאָקטאָר פֿון געפֿענגניס האָט אָבער אַ געשריי געטהאָן:
„איהר זייט אַ'ן אַרבייטער; די קראַנקען שפּייז קאָסט 70 קאָפּ. אַ טאָג;
איהר וועט אָהן דעם אויך אויסקומען!" אַ'ן אַנדער אַרעסטירטער אַ סטודענט
האָט געבעטען אַ רפואה צו אַ געשוויר, וואָס איז ביי איהם געוואָרען
אויפ'ן האַנד; דער זעלבער דאָקטאָר האָט איהם געענטפֿערט: „זויגט
נור אייער האַנד, איהר האָט דאָך צייט גענוג דערצו!" ווען דער זעל-
בער חולה האָט געוואָלט צו זיך רופֿען אַ'ן אַנדער דאָקטאָר, האָט דער
געפֿענגניס דאָקטאָר צו איהם געזאָגט: „צו אייך דאַרף מען רופֿען ניט אַ
דאָקטאָר, נאָר אַ תליון!" ווען נאָכדעם האָט דער אויפֿזעהער פֿון גע-
פֿענגניס אַוועקגעזעצט אין קאַרצער אַ קראַנקען אין דעם לעצטען גראַד
שווינדזוכט, האָבען שוין דאָס די אַרעסטירטע מעהר ניט געקענט רוהיג אַרי-
בער טראָגען: זיי האָבען אַרויסגעפֿאָדערט דעם פּאָליציימייסטער, נאָר
ער האָט זיי אפילו ניט געוואָלט אויסהערען און האָט זיי נאָך גוט אויס-
געזידעלט. דאָ האָט אויסגעבראָכען דער הונגער-בונט; די אַרעסטירטע
האָבען ניט געוואָלט אָנהייבען עסען, ביז מען וועט ניט ערפֿילען זייע-
רע פֿינף פֿאָדערונגען: הייצען ווי דער סדר איז די אויווענס, ווייל אין
די חדרים איז געווען קאַלט און נאַס; געבען בעטען אַלעמען, ניט נור
די אדעל-לייט; ביז אַהער האָבען די איבריגע אַרעסטירטע געמוזט
שלאָפֿען אויף דער פֿייכטער און קאַלטער פּאָדלאָגע; מען זאָל לאָזען
שפּאַצירען געהן זאַלבענאַנד און ניט דוקא אַליין; די לאָמפּען זאָל
מען אַוועקשטעלען אין די חדרים, און ניט אין קאָרידאָר; מען זאָל זיך
מענשליכער בעגעהן. דער אויפֿזעהער איז פֿון „בונט" וועניג וואָס
נתפעל געוואָרען אין מיט דער קאַלטבלוטיגקייט פֿון אַ געניטען בעאַמ-
טען האָט ער געזאָגט: „דאָס איז גאָרנישט ווערט, דאָס איז ניט קיין
נייע געשיכטע; מיר ווייסען שוין ווי צו ערנעהרען זיי דורך קליסטירען".

אין סיביר איז די פֿער'משפּט'ע, ווי עס ווייזט אויס, בשום אופן
ניט ערגער איידער אין דיזע צענטראַל געפֿענגניסען. צופֿיעל אַרבייטען
צווינגט מען ניט אויף קאַטאָרגע; ביי דער אַרבייט האָט מען די געלע-

געהייט צו בעוועגען זיך און מען קען אויך בעסער פֿערברייגגען די צייט. דערפֿאַר איז אָבער די ענגשאַפֿט אין דער געפֿענגנים פֿון קאראַגאָר אַ'ן אונערטרעגליכע. דאָס געפֿענגנים איז דאָרט אַ'ן איינפֿאַכע דאָרפֿישע הויז, אַרומגעריגעלט מיט אַ הויכען פּלאַנקען. קיין שטוהלען און טישען זיינען דאָרטען ניטאָ, עס זיינען פּראַגען נור נאַרעס, אויף וועלכע די געפֿאַנגענע קומט אויס צו ליגען געדיכט איינע נעבען די אַנדערע. די שפּייז בעשטעהט מעהר ניט ווי פֿון ברויט, ווייל די סופּע איז נור היילע וואַסער, אין וועלכע עס שווימען וואו ניט וואו עטליכע גריקענע גרויפּען. טהע טרינקט מען אין דערפֿריה און פֿאַרנאַכט, נאָר צוקער גיט מען נור איינמאָל אין טאָג. די בעל-הבית'עשקייט פֿיהרט זיך בשותפֿות אויף אַלעמענס חשבון. מען מעג אויך פֿערבעסערען דעם קעסט, אָבער די אַרעסטירטע האָבען אויף דערויף צו קנאַפּ געלד. קיין שפּיטאָל איז ניטאָ, און די קראַנקע מוזען ליגען אין איינעם מיט די געזונדע אויף די זעלבע נאַרעס. נור די דאָקטוירים, וואָס געפֿינען זיך צווישען די חברים הוילען די קראַנקע. דער גרעסטער נחת פֿאַר די פֿער־משפּט'ע — איז בעקומען ביכער אדער צייטונגען, און די איינציגע האָפֿענונג — אומקערען זיך אַ היים. דיזע האָפֿנונג איז אַזוי שטאַרק, אַז די פֿער'משפּט'ע זיינען שטענדיג אויפֿגערעגט, פֿון דעם געדאַנק וועגען פֿרייהייט. איבער דער גזירה פֿון לאָריס-מעליקאָוו פֿון 15-טען דעצעמבער 1880 יאָהר האָט זיך זייער לאַגע אויף אַ סך פֿערערגערט. ביז אַהער פֿלעגט מען נאָך אַ געוויסער צייט אַרויסלאָזען די קאַטאָרזשניקעס אין דער „פֿרייער קאָמאַנדע". איצטער האָט מען שוין מעהר קיין חילוק נוט געמאַכט צווישען דער „פֿרייער קאָמאַנדע" און די נייע אַרעסטאַנטען, מען האָט אַלעמען צוריק פֿערשמידט אין קייטען, אפילו די, וואָס האָבען שוין פֿריהער געוועהנט אויף אַ בעזונדערע דירה, ווייטער האָבען אַלע קאַטאָרזשניקעס געדאַרפֿט זיין געשמידט ניט נור ביי דער אַרבייט, נאָר אויך אין געפֿענגנים; ענדליך, האָט מען אויך פֿערבאָטען צו פֿיהרען אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די קרובים.

אין אַ סך פּרטים איז די לאַגע פֿין די פֿערשיקטע אין סיביר, בעזאָנדערס פֿון די פֿערשיקטע אין ווייטען צפֿון, למשל אין דער יאַקוטסקער געגענד, אַ סך ערגער איידער פֿין די, וואָס מען פֿער'משפּט אויף קאַטאָרגע. „מיר לעבען אין דער פֿינסטער און צינדען אָן אַ ליכט נור אויף אָנדערטהאַלבען אָדער אויף צוויי שעה, כדי וואָס ניט איז צו לעזען; מעהר געלד קענען מיר אויף ליכט ניט אויסגעבען; ברויט איז ניטאָ, מיר עסען נור פֿיש; פֿלייש איז אויך אונמעגליך צו בעקומען" — שרייבט איינער אַ פֿערשיקטער. עטוואָס בעסער איז די לאַגע פֿון די פֿערשיקטע אין די שטעדט.

אַ חוץ די וואָס זיצען בי'ז'ן משפּט, און די פֿער'משפּט'ע זיינען אין רוסלאַנד דאָ נאָך אַ סך מענשען, וואָס געפֿינען זיך אונטער דער פּאָליצייליכער אויפֿזוכט, ווי אויך אַ סך אַדמיניסטראַטיוו-פֿערשיקטע. די תקנות, וואָס דער גראַף איגנאַטיעוו האָט אַרויסגעלאָזען דעם 12-טען מערץ 1882 האָבען אָנגעמאַכט אַ רעש אין גאַנץ אויראָפּאַ און, דאַכט זיך, גאָר אומזיסט: זיי האָבען בעצם מעהר ניט ווי געמאַכט פֿאַר אַ געזעץ די גרייסע מאַסע געהיימע צירקולאַרען, וואָס האָבען שוין לאַנג עקזיסטירט. אַזעלכע מענשען, אויף וועלכע עס פֿאַלט אַ חשד, אַז זיי האָבען „געפֿעהרליכע רעיונות אין זינען", האָט די פּאָליציי, נאָך דיזע תקנות נאָך, דאָס רעכט צו דורכזוכען, אַרעסטירען און אַוועקשטעלען אונטער דער פּאָליצייליכער אויפֿזוכט, זיי איז פֿערבאָטען צו בעשעפֿטיגען זיך מיט געוויסע פּראָפֿעסיאָנען און מיט שריפֿטליכע אַרבייטען פֿאַר די אַנשטאַלטען פֿון דער מלוכה און איבערהויפּט פֿאַר געזעלשאַפֿטליכע.

אַנשטאַטען; זיי מאָרען ניט צוגענומען ווערען אין אַ שולע, כדי ווייטער צו בילדען זיך, פערנעהמען אַ שטעלע אין פּריוואַט- און אין אַקציאָן-געזעלשאַפטען, — קורץ, מען גיט זיי ניט קיין שום מעגליכקייט פון וואָס ניט איז צו לעבען. אָדער זיי ווערען גאָר פערשיקט אָהן אַ שום משפט, אויף'ן אַדמיניסטראַטיווען וועג אין די ווייטערע גובערניעס אָדער אין סיביר. אַזעלכע מענשען האָבען זיך, ווי מען רעכענט, געפונען אין די צייטען פון לאָרים-מעליקאָוו 1696 *, ביי דער הערשונג פון איג-נאַטיעוו — 1836; זייער צאָהל איז אין דער אמת'ן אַ וראי אַ סך אַ גרעסערע. אַ קאָמיסיע פון יוסטיץ מיניסטעריום האָט דורכגעזעהן 1500 אַזעלכע פאַלען; ביי 600 האָט זי געפונען, איז געווען אַ צו קנאַפער גרונד אויף צו פערפיהרען אַ פּראָצעס **. נאָך אַ קאָמיסיאָן האָט געפו-נען, אַז פיער פּראָצענט פון די בעשולדיגונגען זיינען געבויט געוואָרען אויף פאַלשע מסירות. די צאָהל פון די מענשען, וואָס מען שטעלט צום משפט ווערט אין פאָרלויף פון דער צייט אַלץ קלענער, לגבי דער צאָהל פון די, וואָס ווערען אַדמיניסטראַטיוו בעשטראָפט. מען וויל איינפאַך מעהר ניט אָנמאַכען דעם רעש, וועלכען מען קען ניט אויסמיידען ביי פּאָליטישע פּראָצעסען, און מען בעזייטיגט בעסער די מענשען, אויף וועלכע עס פאַלט אַ חשד, אויף'ן שטילען וועג פון פּאָליציייליכע מיטלען. אַזוי ווערען הונדערטער מענשען בסוד אין מיט'ן נאַכט אָבגעריסען פון זייערע פאַמיליען און ווערען פערשפאַרט אין געפענגנים, וואו מען האַלט זיי דאָרטען ביז עס געלוסט זיך און דערנאָך שיקט מען זיי אַוועק, ניט דערצעהלענדיג פאַר וואָס און פאַר ווען און ניט זאָגענדיג וואוהין, אויף טויזענדער וויאָרסט פון דער היים, כדי צו שענקען זיי די פרייהייט אין אַ יורטע פון אַ יאַקוט אָדער אָסטיאַק. אַ סך פרויען און מוטערס ווייסען עד היום ניט, וואו עס געפינען זיך זייערע מענער און קינדער. אין יאַקוטסקער געגענד געפינען זיך מעהר ווי 70 מענשען אַדמיניסטראַטיוו פערשיקטע; פון זיי 7 אין אַלעקמינסק, אין יאַקוטסק גופא — 10, אין ווערכאָיאַנסק און קאָלימסק — צו 9; די איבריגע זיינען צערשפּרייט איבער די יורטעס פון די יאַקוטען. ***

אַ'ן אַנדער לעזער וועט אפשר זאָגען, אַז דיזע בעשרייבונגען פון די רעוואָלוציאָנערע בלעטער זיינען אַ צו גרויסע גוזמא! דערויף קען איך ענטפערען, אַז איך האָב געבראַכט בשום אופן ניט אַלץ, וואָס דאָרט שטעהט; מען קען דאָרט געפינען בעשרייבונגען פון נאָך אַ סך שרעק-

---

* אין פריהלינג 1883 האָט מען צוליב דעם קיסר'ס קריינונג, וואָס האָט דאַן געדאַרפט פאָרקומען, אַרויסגעשיקט אַדמיניסטראַטיוו בלויז פון מאָסקווע אַ גרויסע צאָהל מענשען אין די מערב- און מזרח-גובערניעס פון רוסלאַנד.

** אין דעם יאַנואַר-העפט 1883 פון „וויעסטניק אוויראָפּאַ" איז געווען אָבגעדרוקט אַ'ן אָפיציעלער צירקוליאַר פון דעם ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר פאָן-קופמאַן פון 14 טען אָקטאָבער 1865, צו די גובער-נאַטאָרען פון די זעקס ליטוויש-ווייסרוסישע גובערניעס, אין וועלכען עס ווערען געשילדערט אויף'ן סמך פון דאָקומענטען, די אונגערעכטיגקייט און דער ווילקיר פון מוראַוויאָוו דעם תליון; עס וואָלט געווען גוט צו בעקומען אין גיכען אַזאַ דאָקומענט וועגען די מאַכטהאָבער פון דער לעצטער צייט.

*** די לאַגע פון דיזע מענשען מוז זיין אַ שרעקליכע; איינער שרייבט, ער איז אָהן הויזען; דער אַנדערער, ער שלאָפט אויף מיסט; דער דריטער. דער פּראָפּאַגאַנדיסט טשעקוידזע, ער ערנעהרט זיך מיט פלייש פון געפּגר'טע הינד. („גאַראָדנאַיאַ וואָליאַ").

ליבערע פאַקטען, און ווייטער ליגט טאַקי, ווי איך זעהען, אַ גרויסע צרה דערינע, וואָס מען קען קיין שום אַנדערע ידיעות הערען דעם ניט געפינען, ווי נאָר די בעשרייבונגען פון דעם צד, וועלכער עס האָט אַליין געליטען; קיין „לעגאַלע" רוסישע צייטונג טאָר אפילו אַ וואָרט וועגען דעם ניט זאָגען. אין דער גאַנצער מלוכה איז ניטאָ קיין איין איינציגע איינריכטונג, וואָס זאָל אויף אַזוי פיעל פריי זיין, אַז זי זאָל קענען אָפען קריטיקירען די שרעקליכע און ווילקירליכע אַקטען פון דער רעגירונג. — „אָבער די מערדער פון צאַר פערדיענען ניט אַ׳ן אַנדער בעהאַנדלונג" — וועט אפשר ווייטער טענה׳ן מיט עקשנות אַ גרויסער ליעבהאָבער פון דער מלוכה-אויטאָריטעט. דיזע מיינונג, דוכט זיך מיר, איז די אונגערעכטיגסטע פון דער וועלט. מען האָט שוין לאַנג אויפגעהאַנגען די, וואָס האָבען אַליין גע׳הרג׳עט דעם צאַר, אויך זייערע נעהנטערע העלפער האָט מען פערשיקט אויף אייביגע קאַטאָרגע אין סיביר. די איבעריגע אָבער, וועלכע האָבען נאָר מסכים געווען מיט די טעראָריסטישע אַנזיכטען, אָדער די פריהערדיגע פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע עס האָבען נאָר געהאַלטען סאָציאַליסטישע רעדען און פערברייטערט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, פערדיענען דאָך בשום אופן ניט אַזאַ בעהאַנדלונג, און ווייטער די מענשען, אויף וועלכע עס איז נאָר געפאַלען אַ חשד, אַז זיי האָבען „געפעהרליכע רעיונות". — אין וועלכען לאַנד פון דער וועלט וואָלטען אַזעלכע מענשען אַזוי האַרט, מען קען זאָגען, אונמענשליך בעשטראָפט געווען ווי אין רוסלאַנד?! אָ, מען קען לייכט בעגרייפען, פאַר וואָס עס קאָכט אין האַרצען פון דעם יונגען רעוואָלוציאָנער אַזאַ הייסער געפיהל פון נקמה, און טרייבט איהם צו פערברעכען, אפילו צו הריגות!

אָבער אַזאַ באַרבאַרישען רעזשים ווי דעם רוסישען איז, אַ פּנים, שווער דורכצופיהרען אין אַלע זיינע פּרטים און מיט זיין גאַנצער אכזריות; וואו ניט וואו מוז אין דער פּראַקטיק דיזער רעזשים דורכגעלעכערט ווערען. די לאַגע פון די אַרעסטירטע ווערט דורך דעם ערלייכטערט, וואָס זיי קענען גאַנץ אָפט אונטערהאַלטען פערבינדונגען מיט דער פרייער וועלט, און עס זיינען שטענדיג געווען אַ סך פּאַרטיי-חברים, וואָס האָבען זיך דער עיקר אָבגעגעבען מיט דיזער אַרבייט. סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, למשל, האָט אַ לענגערע צייט געלעבט אין כאַרקאָו און פלעגט פערשאַפען די אַרעסטירטע בגדים, געלד און צייטונגען. נאָך אין אָנהויב פון 1883 יאָהר האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אַרעסטירטע פון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג האָבען אונטערגעקויפט (אין רוסלאַנד קומט עס ניט אָן אַזוי שווער, נקי-כפּים׳ניקעס זיינען דאָרט אַ זעלטענע זאַך) די וואַך-שומרים און בסדר געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט זייערע פרייע חברים, דאָס פּאָסט-ביורא האָט זיך געפונען, ווי מען זאָגט, אויף דעם היי-מאַרק אין פּעטערבורג. די טרייע ליעבע צו די אונגליקליכע חברים און דער בעגעהר צו פערשאַפען צוריק דער פּאַרטיי איהרע געניטע קעמפּפער, האָבען געבראַכט דערצו, אַז גאַנצע עקספּעדיציעס פלעגען זיך לאָזען אין סיביר, כדי צו בעפרייען די פערשיקטע. אַזוי האָט מישקין, נאָך אין דער צייט פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַ׳ן אָנגעטהאָנער פאַר אַ זשאַנדאַרם, דערגרייכט ביז צו דעם אָרט, וואו טשערנישעווסקי האָט זיך געפונען; מען האָט איהם אַרעסטירט און איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען אויספיהרען זיין שליחות. נאָך דער הריגה פון צאַר איז יורי באָגדאַנאָוויטש, דער פיהרער פון דעם מינענאַמענטאַט אויף דער מאַלאָסאַדאָווער גאַס, אַוועק אין סיביר און האָט דאָרט בעפרייט קלעמענקאָ. אַנטלויפען איז אָבער איבערהויפּט די שטענדיגע האָפנונג פון די אַרעסטירטע און פערשיקטע. דער קאַלענדאַר פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ"

שרייבט, אַז אין דעם משך צייט פֿון 1861 ביז 1874 זיינען אַנטלאָפֿען 11 אַרעסטירטע, פֿאַר די 7 יאָהר פֿון 1882-1876: 3 - 7 - 20 - 20 - 7 - 6 - 2; בסך הכל האָט זיך 76 מאָל איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען און 35 מאָל האָט עס ניט אָבגעגאָלטען, אויסער דעם זיינען פֿאָרגעקומען 7 פֿאַלען, וואו די אַנטלאָפֿענע האָבען זיך זעהר מערקווירדיג און דרייסט געהאַלטען. בעזאָנדערס, זאָגט מען, איז גרינג צו אַנטלויפֿען פֿון סיביר; ווער ס'האָט גענוג געלד יענער קען זיך אַוועקמאַכען. מערקווירדיג איז געווען דאָס אַנטלויפֿען פֿון ברעשקאָווסקאַיאַ און איהרע דריי חברים אין 1881. די סאָלדאַטען האָבען זיך נאָך זיי געיאָגט 180 וויאָרסט איבער די געדיכטע וועלדער פֿון יענער זייט באַיקאַל; די אַנטלאָפֿענע פֿלעגען אַריבערגעהן איבער שטורמישע טייכען, ביי וועלכע זייערע נאָכיאָגער פֿלעגען בלייבען שטעהן און פֿלעגען נשתומם ווערען קוקענדיג, אַרויפֿקלעטערען אויף פֿעלזען, אויסהאַקענדיג אין זיי טרעפּ. סוף כל סוף האָט מען זיי געכאַפּט, נאָר ווייל זייער פֿיהרער האָט זיי אין מיטען וועג פֿערלאָזען. אויך אַזוי אונגליקליך האָט זיך געענדיגט דאָס אַנטלויפֿען פֿון מישקין און זיינע 7 חברים אין מאַי 1882, וועלכע מען האָט געפֿאַנגען אין וולאַדיוואָסטאָק, בעת זיי זיינען שוין אַרויף אויף אַ'ן אַמעריקאַנישען שיף. דער גורל פֿון די צוריקאומגעקעהרטע איז זעהר אַ שווערער; געוועהנליך ווערט זייער בעשטראָפֿונג פֿערדאָפּעלט, אָבער אויך זייערע חברים ליידען דערביי. אין קאַראַ איז מען נאָך דעם אַנטלויפֿען פֿון מישקין אָנגעפֿאַלען אויף די איבערגעבליבענע און מען האָט זיי געשלאָגען געשמידט, אָבגעגאָלט די קעפּ, אָבגענומען אַלע זאַכען, אַלע זייערע אייגענע בגדים, אפֿילו די שטולען, די טישען און די נאַרעס; זיי זיינען געבליבען אויף דער הוילער פּאָדלאָגע. מען האָט זיי אויך ניט געלאָזען געהן שפּאַצירען און מען האָט אויפֿגעהערט אַרויסצוטראָגען די כלים מיט די עקסקרעמענטען פֿון געפֿענגניס; די געלד און ביכער, וואָס די געפֿאַנגענע פֿלעגען בעקומען, האָט מען אָנגעהויבען אָבצונעהמען, ביז עס וועט זיך אויסצאָהלען די הוצאות, וואָס מען האָט אויסגעגעבען אויף נאָכיאָגען די אַנטלאָפֿענע. דיזע אַלע רדיפֿות האָבען אין מאַי 1882 אַרויסגערופֿען אַ הונגער-בונט.

די שווערע לאַגע פֿון די אַרעסטירטע און פֿערשיקטע רופֿט פֿון לאַנג אָן אַרויס דעם מיטגעפֿיהל פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט. נאָך באַלד ווי עס האָט זיך אָנגעהויבען די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, פֿלעגען זיך צווישען די סטודענטען און איבערהויפּט צווישען דער שטודירענדער יוגענד בילדען פֿעראיינען, וועלכע עס פֿלעגען קלייבען געלד, מאַכען בעלער און קאָסען לטובת פֿון די אַרעסטירטע און פֿערשיקטע. דיזע אַרבייטען האָבען זיך פֿערברייטעט אין דעם ערך, ווי די רדיפֿות זיינען געוואָרען שטאַרקער און די בעשטראָפֿונגען שטרענגער. ענדליך, האָט זיך אין זומער 1881 ביי דעם ענערגישען אַנטייל פֿון יורי באָגדאַנאָוויטש, געבילדעט צוערשט אין פּעטערבורג, דערנאָך אין מאָסקווע דער „רויטער קרייץ" פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" מיט'ן צוועק צו זאַמלען געלד פֿאַר די אַרעסטירטע און פֿערשיקטע און צו העלפֿען זיי אַנטלויפֿען. אפֿילו אין אויסלאַנד האָט מען אויך, דער עקר מיט דער הילף פֿון סטעפּאַנאָוויטש, אָרגאַניזירט אַ'ן „אָבטיילונג" פֿון רויטען קרייץ, זאַסוליטש, לאַווראָוו און טשייקאָווסקי האָבען אין זשענעוו, פּאַריז און לאָנדאָן געהאָלפֿען צו שאַפֿען געלד-מיטלען פֿאַר דיזער אויסלענדישער אָבטיילונג.



# אינהאלט.



## בעמערקטע דרוקפֿעהלערען:

| זייטע | שורה | געדרוקט: | עס דאַרף זיין: |
|---|---|---|---|
| 4 | 14 פֿון אויבען | מפר-זאַך | טפ־-זאַך |
| 5 | 9 פֿון אונטען | אָגפֿאַל | אָנפֿאַל |
| 6 | 5 פֿון אויבען | האָט נאָך ז | האָט נאָך איהר |
| — | 19 פֿון אונטען | אָבפופֿאָהרען | אָבצופֿאָהרען |
| — | 14 〃 | מיט אַזמ | מיט אַזאַ |
| 14 | 4 פֿון אויבען | בערייטונג | בעדייטונג |
| 19 | 11 〃 | מיכאַילאָווען, | מיכאַילאָווען. |
| 24 | 21 〃 | אַז יי | אַז זי |
| 31 | 16 〃 | טייכונג | מיינונג |
| 33 | 12 〃 | צענטרען | צענטרען |
| 48 | 21 〃 | וועלען מיר | וועלען מיך |
| 51 | 13 פֿון אונטען | כוכות | כונות |
| 55 | 3 פֿון אויבען | זאָל קענען | זאָל זיך קענען |
| 57 | 12 〃 | זעהער | זייער |
| — | 13 〃 | צור ינטער | צווי צטער |
| 71 | 15 פֿון אונטען | יאַק | יאַקאָב |